ברוך צוקערמאן

# אונדזערע
# פּאָליטישע ציִלן אין ארץ־ישראל

אוּן די

# אידיש־אראבישע באציאונגען



ארויסגעגעבן פון
דר. נ. סירקין פועלי ציון פאַראיין
מילוואָקי, וויס.

ברוך צוקערמאן

# אונדזערע פּאָליטישע צילן אין ארץ־ישראל

און די

# אידיש־אראבישע באציאונגען



אַרויסגעגעבן פון
דר. נ. סירקין פועלי ציון פאַראיין
מילוואָקי, וויס.

# עטלאכע ווערטער אלס פארוואָרט

דאָס דאָזיקע שריפט אַנטהאַלט עטלאַכע אַרטיקלען, וואָס זיינען געשריבן און געדרוקט געוואָרן אין „אידישן אַרבעטער" אין די מאָנאַטן יוני און יולי פון 1930. זייט דאַן האָט די בריטישע אַרבעטער־רעגירונג צוזאַמען מיטן באַריכט פון האָופּ סימפּסאָן אויך פאַרעפנטלאַכט איר אייגענעם „ווייסן פּאַפּיר". די שקרים פון דעם דאָזיקן שענדלאַכן דאָקומענט, די שנאה און העצע, וואָס שרייט אַרויס פון יעדער שורה געגן אידישער בוי־אַרבעט בכלל און געגן דער חלוצישער און סאָציאַליסטישער בוי־אַרבעט פון דער הסתדרות העובדים בפרט, איז היינט, אין דעצעמבער, 1930, אַלעמען באַקאַנט. ניט אָפּצושאַצן דעם דאָזיקן דאָקומענט איז דער צוועק פון די דאָזיקע עטלאַכע ווערטער.

איך בין מודה, אַז אונטערן דרוק פון דעם שמערצלאַכן פּאָליטישן וואונד, וואָס דער פאַרראַט פון די מחברים פון „ווייסן פּאַפּיר" האָט אַריינגעשניטן אין האַרצן פון יעדן איינעם פון אונדז, איז פאַר אַ מאָמענט געבוירן געוואָרן אַ ספק אין מח, צי איז עס איצט צייטיק אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע שריפט. און פאַר אַ מאָמענט האָב איך זיך געקליבן שרייבן די מילוואָקער חברים, וועלכע גיבן דאָס דאָזיקע שריפט אַרויס, אָפּצו־שטעלן די אַרבעט. נאָך אַן ערנסטן ישוב הדעת און איבערלייענענדיק נאָך אַמאָל די אַרטיקלען, האָב איך באַשלאָסן ניט צו שטערן די מילוואָ־קער חברים דורכצופירן זייער באַשלוס.

דער „ווייסער פּאַפּיר" איז פאַר מיר בלויז נאָך אַ באַווייז פון דער

שרעקלאַכער היסטאָרישער בלאָנדזשעניש פון די איצטיקע רעגירער פון ענגלאַנד, אַ בלאָנדזשעניש וואָס טוט שאַרפער ווי, ווייל די רעגירער פון ענגלאַנד זיינען די פירער פון דער אַרבעטער פּאַרטיי, אויף וועלכער עס ווערט אין דער פּאָרליגנדער בראָשור געלייגט אַזעלכע וויכטיקע היסטאָרי־שע האָפנונגען. אָבער אין עצם ענדערט עס פּאָרט ניט יענע היסטאָרישע צעשיידונגס ליניע וועגן אונדזער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, אויף וועל־כער דאָס דאָזיקע שריפט ווייזט אָן. טראָץ די צייטווייליקע בלאָנדזשע־נישן, בלייבט נאָך אַלץ דער געדאַנק ריכטיק, אַז היסטאָריש באַטראַכט, קומען זיך אונדזערע אינטערעסן אין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט דער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג און ניט מיט דעם אימפּעריאַ־ליסטישן טאָרי, אָדער אפילו מיטן אַביסעלע מער פּראָגרעסיוון, דאָך קאַפּיטאַליסטישן, ליבעראַל.

די כחות אין ענגלאַנד וואָס זיינען געגן אונדז, און מוזן בלייבן געגן אונדזער אַרבעט אין ארץ־ישראל זיינען נאָך אַלץ דווקא די רעאַק־ציאָנערע קאַפּיטאַליסטישע אימפּעריאַליסטן. אויב עס טרעפט, אַז דאָרטן טרעט אימיצער אַרויס פּאַר אונדז, איז עס אַן אויסנאַם, די דערקלערונג פון וועלכער מען מוז זוכן אין די צייטווייליקע מאָמענטאַנע פּאָליטישע באַדינגונגען. דאַגעגן, די כחות, וועלכע זיינען פּאַר אונדז און מוזן בלייבן פּאַר אונדזער אַרבעט, זיינען עס די סאָציאַליסטישע אַר־בעטער כחות. אויב דאָרטן טרעפט, אַז אַ יחיד אָדער אַ גרופּע טרעט אַרויס געגן אונדז, איז עס דאַן אַן אויסנאַם, די דערקלערונג פון וועלכער מען מוז זוכן אין די צייטווייליקע מאָמענטאַנע פּאָליטישע באַדינגונגען.

די רעאַקציאָנער־קאַפּיטאַליסטישע כחות מוזן זיין געגן אונדז צוליב פאַרשיידענע טעמים. דער וויכטיקסטער טעם איז, ווייל זיי זיינען געגן דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון אָריענט. דווקא אונדזער דערפּאָלג אין ארץ־ישראל שרעקט זיי. דווקא דער ביישפּיל פון ארץ־ישראל פּאַר אַלע אַנדערע פעלקער און לענדער אין מזרח, רופט אַרויס זייער צאָרן. צוליב דעם זעלביקן מאָטיוו וואָס די קאַפּיטאַליסטישע אימפּעריאַליסטן לאָזן ניט, למשל, אין אינדיען אַנטוויקלען קיין אינטענ־סיווע קולטור און אינדוסטריע, ווייל דאַן וועלן די היימישע פּראָדוקטן אַרויסקאָנקורירן די פּראָדוקטן וואָס זיי, די בריטישע קאַפּיטאַליסטן, פאַר־קויפן אין אינדיען, — צוליב דעם זעלביקן מאָטיוו קענען זיי ניט צולאָזן אַן אמת'ע אויפגעבויטע ארץ־ישראל. ווייל דער ביישפּיל פון אַן אינ־טענסיווער אַגריקולטורעלער ווירטשאַפט און פון אַ מאָדערנער אינדוס־טריע אין ארץ־ישראל, מוז סוף־כל־סוף אַריבערגעטראָגן ווערן אין אַנדערע אָריענט מדינות. בכלל שרעקט יעדן אימפּעריאַליסט דער געדאַנק פון

דער אויפוואַכונג פון מזרח. די גאַנצע וועלט־לאַגע מוז זיך דאַן ענדערן. און דעם אימפּעריאַליסט'ס פּאָזיציע אין דער וועלט ווערט געשטעלט אונטער אַ גרויסן פראַגע־צייכן. עס קען דעריבער אַמאָל טרעפן, אַז צוליב צייטווייליקע פּאָליטישע אויסרעכענונגען זאָל אַזאַ טאָרי־אימפּעריאַליסט זיך שטעלן אויף אַ היסטאָריש־מענטשלאַכן שטאַנדפּונקט. דאָס איז אָבער ניט דער היסטאָרישער מוז וואָס וואַקסט אַרויס פון זיינע אינטערעסן. אויף דעם קען מען קיין ה י ס ט אָ ר י ש ע אַרבעט ניט בויען.

אָבער דער אמת'ער סאָציאַליסט, — וואָס האָט ער מורא צו האָבן פאַר דער אויפוואַכונג פון אָריענט? פאַרקערט! ווייט־זעענדיקע סאָציאַליסטן האָבן שוין איינגעזען, אַז אָן אַן אויפגעוואַכטן מזרח שטייט דער סאָציאַליזם אין גרויס געפאַר. די הונדערטער מיליאָנען פון מזרח קענען דאַן געטריבן ווערן אָדער צום באָלשעוויזם, אָדער צום פאַשיזם. איןביידע פאַלן וועט עס שנעלער פירן צו פאַרוויסטונג און ניט צו אויפלעבונג. אין ביידע פאַלן וועט עס פירן צו פאַרשקלאַפונג און ניט צו באַפרייאונג. אין ביידע פאַלן קאָן דער קאָנסטרוקטיווער סאָציאַליזם, וואָס באַזירט זיינע האָפנונגען ניט אויף דער ר ו אַ י נ ע פון דער וועלט, נאָר אויף איר סאָציאַלער איבערבויאונג צום גליק פון אַלע פעלקער און פון אַלע מענטשן, קיין נוצן פון מזרח ניט ציען. די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם איז דעריבער בלויז פאַראינטערעסירט אין אַן אויפגעלעבטן קאָנסטרוקטיוו־אויפגעבויטן אָריענט. דער ביישפּיל פון אונדזער בוי־ווערק אין ארץ־ישראל גייט דעריבער ניט להיפוך צו די היסטאָרישע אינטערעסן פון דער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר פאַרקערט! דער סאָציאַליזם נויטיגט זיך זייער שטאַרק אין אונדזער אַרבעט, וואָס מיר פירן אין ארץ־ישראל.

דער פאַרברעכן פון אַ פאַספילד ווערט אודאי דורך דעם גרעסער. ניט נאָר טראָגט זיין „ווייסער פאַפּיר" פאַרראַט צו די נאַציאָנאַלע צילן פון דעם אידישן פאָלק, נאָר עס טראָגט אויך היסטאָרישן סם פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער באַוועגונג. אין דעם פאַל איז אָבער פאַספילד די אויסנאַם. זיין האַנדלונג איז דיקטירט ניט פון היסטאָרישע, נאָר פון צייטווייליקע באַדינגונגען. די אַרבעטער באַוועגונג קאָן פון אַזעלכע פאַספילדס, ווען זיי האָבן די מאַכט, פאַרפירט ווערן אין אַ טעמפּן ווינקל. אָבער דער כח פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג וועט סוף־כל־סוף מוזן ווייזן דער אַרבעטער רעגירונג אַ וועג, ווי אַזוי אַרויסצוראַטעווען זיך פון אַזאַ טעמפּן ווינקל, וואוהין אַ פאַספילד האָט איר פאַרפירט.

\

עס איז דעריבער מיין טיפסטע איבערצייגונג, אַז דאָס וואָס די איצ־טיקע בריטישע רעגירונג וויל טאָן אין ארץ־ישראל גייט להיפוך דעם היסטאָרישן וועג אויף וועלכן דער סאָציאַליזם און די אַרבעטער באַווע־גונג מוזן גיין בנוגע דעם מזרח. איך בין איבערצייגט אַז די אַרבעטער באַוועגונג פון ענגלאַנד וועט סוף־כל־סוף צוריק אַרויפטרעטן אויף דעם ריכטיקן היסטאָרישן וועג. אָבער דוקא דורך די לעצטע געשעענישן איז נאָך שאַרפער געוואָרן די נויטיקייט קלאָר אָנצוצייכענען, סיי פאַר זיך אַליין, סיי פאַר דער אַלוועלטלאַכער סאָציאַליסטישער און ארבעטער באַ־וועגונג די פּאָליטישע צילן, וועלכע מיר שטעלן זיך אין ארץ־ישראל און דעם אופן ווי מיר זוכן צו פאַרענטפערן דאָס אַראַביש־אידישע פּראָבלעם. דאָס דאָזיקע שריפט האָט ניט קיין אַנדער צוועק ווי די דאָזיקע פּאָליטישע אויפקלערונג. אויב די אַרויסגעבראַכטע געדאַנקען האָבן אירגענד וועלכן פּאָליטישן זין, ווערן זיי נאָך וויכטיקער איצטער ווי פריער.

מיין דאַנק דעריבער צו די מילוואָקער חברים פאַר זייער אונטערנעמונג.

ברוך צוקערמאַן.

# 1. א בליק אין דער צוקונפט

דוקא איצטער, ווען די באציאונגען צווישן אידן און אראבער זיינען אזוי אָנגעצויגן; דוקא איצטער, ווען ענגלאנד זוכט דעם גאָלדענעם מיטל־וועג צווישן די אידישע און אראבישע פאָדערונגען, ווי זיי ווערן פאָרמולירט לויט די איצטיקע באדינגונגען, — דוקא איצטער איז כדאי אויף א מאָמענט פארגעסן די געגנווארט אוןווארפן א בליק אין דער צוקונפט אריין.

דען דער גאָלדענער מיטל־וועג, אויב ענגלאנד וועט אזא געפינען, קאָן בשום אופן ניט זיין א תשובה לדורות. זיכער קאָן דער דאָזיקער גאָלדענער מיטל־וועג ניט געבן קיין פולשטענדיקן ענטפער אויף די אראביש־אידישע באציאונגען, וועלכע וועלן פאר א לאנגער צייט נאָך מוזן בלייבן קאָמפליצירט. וואָרים אין דעם דאָזיקן מיטל־וועג וועלן מוזן שפילן אַ באַדייטנדע ראָלע יענע אינטערעסן, וועלכע ענגלאַנד זוכט פאַר זיך אַליין אין און דורך ארץ־ישראל. אין דעם מיטלוועג וועלן מוזן שפילן אַ ראָלע די תביעות פון די א י צ ט י ק ע פאַרטרעטער פון די אראַבער.ביידע שטעלן מיט זיך ניט פאָר אומפאַרמיידלאַכע היסטאָריש־וועזנטלאַכע טיילן פון דעם היסטאָריש־וויכטיקן אַראַביש־אידישן פראָבלעם. ענג־לאַנדס אינטערעסן זיינען ניט אויף אייביק אַריינגעפלאָכטן אין דעם ארץ־ישראל פראָבלעם. און די תביעות פון די א י צ ט י ק ע אַראַבישע פאַרטרעטער זיינען אודאי בלויז צייטווייליקע. זיי וועלן שפילן אַ ראָלע בלויז ביז יענער צייט, ווען די אַראַבישע מאַסן וועלן קומען צו זייער אמת'ן באַוואוסטזיין סיי ווי אונטערדריקטע מאַסן פון זייערע אייגענע

עפענדים, סיי ווי טײלן פון אַ גרויסער אַראַבישער נאַציע, וואָס דאַרף, מוז און וועט אויפשטײן צו אַ נײעם לעבן און צו אַ באַנײאונג פון זײן גרויסער היסטאָרישער ראָלע אין דער וועלט.

און ווייל מיר לעבן איצטער דורך א זייער שווערן פּאָליטישן קריזיס בנוגע ארץ־ישראל, און ווייל עס איז איצטער א צייט וואָס איז עלול אריינצוטרייבן טײלן פון אונדזערע מאסן אין פּאָליטישן יאוש, איז, דאכט מיר, ניטאָ קיין מער זיכערער מיטל אָפּצושוואכן דעם דאָזיקן יאוש ווי דוקא דורך א בליק אין דער צוקונפט. זיינען אונדזערע צוקונפט־האָפנונגען באזירט אויף רעאלע כחות; בויען מיר זיי אויף פּראָגרעסיווע יסודות, — נעמען מיר אין באטראכט די גרויסע אומענדערונגען, וואָס קומען פאָר איצטער אין דער גאנצער וועלט בכלל און אין מזרח בפרט; רעכענען מיר זיך מיט די היסטאָריש־וועזנטלאכע נויטן פון די אראבישע פעלקער און שבטים — אויב אין אונדזערע פּאָליטישע צילן נעמען מיר אָט די אלע פאקטאָרן אין באטראכט און קומען דאָך צום שלום, אז מיר האָבן אויף אונדזער זייט סיי דעם יושר, סיי די אמת'ע רעאלע נויטן פון אידן און אראבער, — דאן דארפן אונדז צייטווייליקע פּאָליטישע קריזיסן ניט אָפּשרעקן. מיר דארפן אודאי אונדזער פולע אויפמערקזאמקייט ווידמען די צייטווייליק ארבעטן אנטקעגן די פּאָליטישע קריזיסן. אָבער מיר ווערן אין זיך אליין געשטארקט דורך דער אבסאָלוטער זיכערקייט, אז די קריזיסן זיינען בלויז צייטווייליקע. דאן קען יעדער איינער פון אונדז זיך דערמאָנען אויף פיל שווערערע קריזיסן, וואָס מיר זיינען אין די לעצטע 33 יאָר געשיכטע פון אָרגאניזירטן ציוניזם דורכגעגאַנגען. מיר האָבן זיי, ווי אַ לעבעדיק פאָלק, דורכגעלעבט און איבערגעלעבט. דארף מען אפשר איצטער פיל מער כחות מאָביליזירן. אָבער מיר וועלן אויך דעם קריזיס איבערקומען, אויב נאָר דער היסטאָרישער קערן פון אונדזערע פּאָליטישע צילן איז סיי גערעכט, סיי מעגלאך דורכצופירן.

מעג מען זיך דעריבער דערלויבן אויף א ווײלע פארגעסן די זייער שמערצלאכע געגנוואַרט און די גאָר שווערע באלדיקע צוקונפט, וואָס מיר וועלן מוזן דורכמאכן, און פּרובירן ווידער אמאָל א קוק טאָן אויף אונדזערע פּאָליטישע צוקונפטס־צילן. ווי אַזוי פּאָרט וועלן זיך סוף־כל־סוף איינשטעלן אזעלכע אראביש־אידישע באציאונגען, וואָס זאָלן זיין באזירט אויף אַן אמת'ן, שטענדיקן שלום צווישן די צוויי פעלקער? ווי אַזוי דארפן מיר וועלן, אַז די באַציאונגען זאָלן זיך איינשטעלן? וואָס פאר א פּאָליטישע געביידע וועט דארפן אויפגעשטעלט ווערן אין יענעם לפי־ערך'דיקן אחרית הימים, ווען אויך

די אראבישע מאסן וועלן האָבן געקומען צו זייער באוואוסטזיין פון זייערע אמת׳ע נאציאָנאלע און פּאָליטישע אינטערעסן? ווי וועט דאָס אידישע פאָלק איינאָרדנען זיין צוקונפט אין מיטן פון א ים פון אראבישע לענדערייען אַרום ארץ־ישראל, אָפּהיטנדיק דערביי סיי זיין אייגענעם נאַציאָנאלן קיום, סיי דעם פרינציפּ פון נאציאָנאלער גלייכבארעכטיקונג פאר אלע פעלקער? און וואָס וועט דארפן זיין די היסטאָרישע ראָלע פון ענגלאנד אין דעם פּראָצעס פון אויפבויען א פּאָליטישן יסוד, אויף וועלכן עס זאָל קאָנען אויפגעבויט ווערן אן אמת׳ער אראביש־אידישער שלום?
— אָט די פראגן צו פארענטפערן, ווערט געמאכט א פארזוך אין דער דאָזיקער שריפט.

# 2. וואָס באַצוועקן מיר פּאָליטיש אין ארץ־ישראל?

איידער מען קען אָנהייבן דיסקוטירן וועגן אונדזערע און אראבישע צילן אין ארץ־ישראל, מוז מען די צילן קודם כל קלאָר פאָרמולירן. אודאי קען קיין יחיד ניט רעדן פאַרן גאַנצן פאָלק. אויך ניט פאַר דער **גאַנצער** ציוניסטישע באַוועגונג. איך רייד אפילו ניט אין נאָמען פון דער פאַרטיי פּועלי ציון. אָבער יעדער איינער מוז דאָך פאַר זיך האָבן א ציל: וואָס זוכט ע ר פּאָליטיש אין ארץ־ישראל?

מיין ענטפער איז פאָלגנדער:

איך זוך אין ארץ־ישראל א סואווערענעם אידישן שטאַט, דורך וועלכן דער קיום פון מיין פאָלק זאָל אוועקגעשטעלט ווערן אויף גלייכע זיכערע יסודות מיט דעם קיום פון אלע אנדערע פעלקער.

קען און זאָל דער דאָזיקער סואווערענער אידישער שטאַט פון איר־גענד וועלכן אויסערלאַכן כח באַגרעניצט ווערן?

זיכער! צוויי אויסערלאכע כחות וועלן אָן ספק באַגרעניצן אונדזער סואווערעניטעט. איין כח וועט זיין — אַן אמת׳ער אינטערנאַציאָנאַלער פעלקער־בונד. דער צווייטער כח וועט זיין — א גרויסע פּאָליטישע איינ־הייט, פאַר וועלכער קיין נאָמען איז נאָך ניטאָ, וואָס וועט באַשטיין פון א פרייען פאַרבאַנד צווישן די אראבישע פעלקער מיט דער אידישער ארץ־ישראל, אין וועלכע יעדער באַזונדער פאָלק וועט זיין סואווערען אין

זיין אינערן לעבן. דער ערשטער פּאָליטישער כח שליסט איין די גאנצע וועלט. ווי גרויס דער צווייטער פּאָליטישער כח וועט זיין, ווען מיר וועלן פּריווילעגיען, צוליב געגנזייטיקע נוצן, איבערגעבן א טייל פון אונדזערע סואווערענע רעכטן, דאָס וועט די צוקונפט באַשטימען.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אז ניט בלויז אונדזער סואווערענער שטאַט וועט זיין אונטערגעוואָרפן אינטערנאַציאָנאַלע באַגרענצונגען. די אַנטוויקלונג פון אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען מוז פירן דערצו, אז באַדייטנדע רעכטן, וואָס האָבן ביז איצט געהערט דעם איינצעלנעם שטאַט, זאָלן איבערגיין צו אינטערנאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן.

סוף־כל־סוף וועט דאָך די מענטשהייט מוזן זיך דערטראַכטן צו עפּעס אַן אינטערנאַציאָנאַלן פּלאַן קעגן מלחמה. אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלע פאַרשטענדיקונג וועט אפילו אין א פאַלקאָם דורכגעפירטער סאָציאַליסטישער אָרדנונג אויך נויטיק זיין; ווייל כאָטש דער סאָציאַליזם פאַרניכטעט די וויכטיקסטע סיבות, וואָס פירן צו מלחמות, וועלן נאָך אַלץ בלייבן עלעמענטן פון מעגלאַכער שנאה צווישן פעלקער און שטאַטן. אינטערנאַציאָנאַלע פאַרשטענדיקונג מוז דעריבער וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערן אָרט פאַרנעמען אין אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען. יעדער דערפאָלגרייכער שריט אין דער דאָזיקער דירעקציע נעמט אַוועק פון די איינצעלנע שטאַטן טיילן פון זייער סואווערעניטעט. די אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר מינאָריטעט־נאַציעס, למשל, נעמט אַוועק פון די איינצעלנע שטאַטן טיילן פון זייער ביז איצטיקער אַנערקענטער סואווערעניטעט. יעדער אינטערנאַציאָנאַלע רעגולירונג מוז פאַרקלענערן די מאָס פון סואווערעניטעט פון די איינצעלנע שטאַטן. צי די דאָזיקע סואווערעניטעט באַגרענצונגען וועלן דורכגעפירט ווערן שוין אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט דורך אַן אמת'ן פעלקער בונד, אָדער מיר וועלן מוזן אויף דעם וואַרטן ביזן סאָציאַליזם, איז ניט דאָ דער אָרט צו דיסקוטירן. וויכטיק איז בלויז אָנצוצייכענען, אז אין דערזעלביקער מאָס, מיט דעם זעלביקן טעמפּ וואָס אַלע שטאַטן פון דער וועלט וועלן באַגרעניצט ווערן אין זייער סואווערעניטעט, וועט דער אידישער שטאַט — איך האָף מיט טיפער אינערער פרייד — נעמען אויף זיך די באַגרענצונג פון זיין סואווערעניטעט דורך אַן אמת'ן אינטערנאַציאָנאַלן פעלקער בונד.

אָבער אַזויפיל וויפיל אַלע פעלקער און ניט מער! מיר מעגן צ. ב. ש. דענקען, אז עס איז שוין רייף די צייט פאַר א געוויסער רעכט איבערצוגיין צום פעלקער־בונד. מיר מעגן און מיר זאָלן אַגיטירן פאַר דעם. פּאַקטיש אָבער אָפּזאָגן זיך פון דער דאָזיקער רעכט לטובת דעם פעלקער־בונד זאָלן מיר ערשט דאַן, ווען אַלע פעלקער זיינען דערצו גרייט. ווייל דער

פרינציפּ פון גלייכשטעלן דאָס רעכט פון דעם אידישן פאָלק — און פון יעדן אנדער פאָלק וואָס איז ניט גלייכגעשטעלט! — מיט אלע אנדערע פעלקער פון דער וועלט, דולדעט ניט קיין קאָמפּראָמיס. דאָ לאָזט זיך גאָרנישט אָפּדינגען. איין פּראָצענט אָפּלאָזן פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ און דו האָסט דיין פאָלק געשטעלט מחוץ די רעכטס־באגריפן פון דער מענטש־לאכער געזעלשאפט.

דער צווייטער העכערער פּאָליטישער כח, וועמען מיר וועלן פריי־וויליק איבערגעבן טיילן פון אונדזער סואווערענע רעכט, איז נאָך דערווייל אין דער פאנטאזיע. דער ערשטער — דער פעלקער־בונד — איז נאָך אויך וווייט פון צו זיין א רעאלער כח וואָס באגרעניצט וועמעס עס איז סואווע־רעניטעט. מען מעג אויך גדענקען, אז אונדזער אייגענער פּאָליטישער שטאַט איז נאָך דערווייל אויך בלויז אין אונדזערע האָפנונגען. אָבער מיר פארהאנדלען דאָ וועגן ענדציל פאר דער צוקונפט. און ענדצילן מוז מען פריער האָבן אין דער מחשבה איידער מען געפינט דעם וועג צו זיי. און אין מיין מחשבה ווערט וואָס ווייטער אלץ קלאָרער דאָס בילד פון א פאראייניקטע שטאטן אין נאָענטן מזרח, אין וועלכן עס וועלן פאראייניקט זיין צוויי גרויסע, אלטע, צו קולטור און ציוויליזאציע אויפגעלעבטע פעלקער. זיי וועלן פאר דער אויסערלאכער וועלט פאָרשטעלן א פּאָליטישע איינהייט. אינווייניק וועלן זיי געבן יעדן פאָלק פולקאָמענע מעגלאכקייט פאַר פרייער אַנטוויקלונג. דורך געגנזייטיקן אינטערעס און ווילן וועלן זיי אויספאָרמירן אזא אינערלאכע צווישן־פעלקערלאכע באציאונג, וואָס זאָל יעדן באזונדערן פאָלק, וואָס וועט זיין איינגעשלאָסן אין דער דאָזיקער פּאָליטישער סטרוקטור, געבן דעם מאקסימום פון זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט.

יעדער באזונדערער שבט, אפשר אויך רעליגיע, וואָס שטעלן צוזאמען די גרויסע אראבישע נאציע, זאָל באוואָרנט ווערן מיט אזעלכע פּאָליטישע לעבנס־פאָרמען וואָס זאָל אים געבן די מעגלאכקייט אליין צו באשטימען זיין אינוועניקסטן לעבן. יעדער באַזונדערע פּאָליטישע געביידע, וואָס וועט צוליב דעם צוועק אויפגעשטעלט ווערן, וועט זיין אַן אינטעגראַלער טייל פון די פאַראייניקטע שטאַטן. און איין שטאַט פון די דאָזיקע פאַר־אייניקטע שטאַטן פון נאָענטן מזרח וועט זיין דער אידישער שטאַט.

ווי ברייט עס וועלן זיין די גרעניצן פון יענער גאַנצער פּאָליטישער סטרוקטור פון די פאראייניקטע שטאטן, קאָן מען איצטער ניט אָנצייכע־נען. זיכער קאָן מען עס ניט אָנצייכענען זיצנדיק אין אמעריקע. מען מוז פון איין זייט האָבן א קלאָרן באגריף וועגן די נאציאָנאלע, ראסן־ און קולטור־געגנזאצן וואָס הערשן צווישן די פארשיידענע שבטים און נאציעס פון גאנצן נאָענטן מזרח; וויפיל פון די דאָזיקע פארשיידנארטיקייטן

זיינען היסטאָריש באַרעכטיקט און דאַרפן דערפאַר אויפבעוואַרט ווערן דורך פּאַסנדיקע פּאָליטישע לעבנס־פאָרמען. פון דער אַנדער זייט דאַרף מען קלאָר אויספאָרשן די אינטערעסן־געמיינשאַפטלאַכקייטן, וואָס וועלן אונטער יענע אחרית־הימים׳דיקע באַדינגונגען אַנטשטיין צווישן די דאָזיקע פאַרשיידענע ראַסן, נאַציעס, שבטים און עלעמענטן. לאָגיש קאָן אָבער די סטרוקטור אויסגעברייטערט ווערן ביז צום אָנשלוס ניט נאָר פון אידישע און אַראַבישע גרופּירונגען, נאָר פון אַלע גרופּירונגען פון גאַנצן מזרח. ווייל אין די ראַמען פון דער גרעסערער פּאָליטישער סטרוקטור מוזן די היסטאָריש־באַרעכטיקטע פאַרשיידנאַרטיקייטן פון די גרופּירונגען קריגן זייערע פולשטענדיק פרייע מעגלאַכקייטן פאַר אויסדרוק און אויסלעבונג.

אָבער מיר פאַרנעמען זיך ניט אַזוי ברייט. מיר באַנוגענען זיך דערווייל מיט די צוויי קאָנקרעטע פעלקער: אַראַבער און אידן. און די פּאָליטישע געביידע, וועלכע מיר ווילן אָנצייכענען, דאַרף נעמען אין באַטראַכט יענע גרופּירונגען און שבטים, וועלכע באַטראַכטן זיך ווי טיילן פון די צוויי נאַציעס. די ווייטערדיקע היסטאָרישע אַנטוויקלונגען פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע קענען ניט דורכלאָזן דעם נאָענטן מזרח, וועלן שוין באַשטימען די באַציאונגען פון אַנדערע ניט אַראַבישע און ניט אידישע פעלקער און שבטים צו אָט דער פּאָליטישער געביידע, וואָס וועט עקזיס־טירן אין נאָענטן מזרח. די דאָזיקע היסטאָרישע אַנטוויקלונגען וועלן אויך באַשטימען די באַציאונגען פון אָט דער פּאָליטישער געביידע סיי צו די אַנדערע פעלקער און גרופּירונגען אין מזרח, סיי צו אַלע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט. וואָס נעענטער די מענטשהייט וועט צוקומען צו אַן אמת׳ן אינטערנאַציאָנאַליזם, אַלץ נאַטירלאַכער וועלן ווערן די דאָזיקע געגנזייטיקע באַציאונגען; אַלץ ענגער וועט ווערן דער אינוויינִיקסטער באַנד צווישן די פעלקער וואָס וועלן זיין איינגעשלאָסן אין דער דאָזיקער פּאָליטישער געביידע. אין דער זעלביקער צייט וועלן אַלץ זיכערער ווערן די יסודות פון פולשטענדיקער פרייער אויסלעבונג פאַר יעדער באַזונדערער אייגנאַרט, וואָס האָט נאָך אין זיך קולטורעלן ווערט.

און באַשטימען דעם דאָזיקן אינוויינִיקסטן קולטורעלן ווערט וועט ניט די מלוכה, ניט אפילו יענער אינטערנאַציאָנאַלער טריבונאַל, וועמען די אַלע איינצעלנע מלוכות וועלן, צוליב געגנזייטיקע אינטערעסן, איבער־געבן גרויסע טיילן פון זייערע סואווערענע פּאָליטישע רעכטן. ווייל ניט אויף דער פלאַך פון פּאָליטיק וועלן די דאָזיקע אייגנאַרטיקייטן פון די פאַרשידענע נאַציעס און גרופּירונגען קענען און דאַרפן דעמאָנסטרירן דעם היסטאָרישן רוח החיים, וואָס זיי פאַרמאָגן. אויך ניט די עקאָנאָמיק

וועט דאן בכח זיין צו פארמשפּטן די אָדער יענע עקזיסטירנדיקע אייגנ־ארטיקע גרופּע צום היסטאָרישן לעבן, אָדער צום פארשווינדן. באשטימען וועט עס יעדע אָרגאניזירטע אייגנארט פאר זיך. אפשר וועט בכלל אזא באשטימונג פון קיינעם ניט דארפן געמאכט ווערן. אזוי לאנג ווי יעדער באזונדערע אייגנארטיקע גרופּע וועט פילן אין זיך אייגנארטיקן רוח חיים, וועט דורך דעם אליין גאראנטירט ווערן איר רעכט אויף גלייכע פּאָליטישע לעבנס־באדינגונגען פאר איר קיום און אויסלעבן זיך. פּונקט ווי דאָס פאקטישע לעבן פון יעדן יחיד, באשטימט זיין רעכט אויף גלייכע לעבנס־באדינגונגען.

אָט אזא פּאָליטישע איינהייט וועט, אלזאָ, אויפגעבויט ווערן וואָס וועט רעגולירן די פּאָליטישע זייט פון די אראביש־אידישע באציאונגען אין נאָענטן מזרח.

א פּאָליטישער ביישפּיל פאר אזא פּאָליטישער איינהייט איז פאר מיר קאנאדע. ווי יעדער ביישפּיל האלט ער ניט אוים אין אלע איינצל־הייטן. אָבער די פּאָליטישע ראַם איז אין קאנאדע דאָ; עס עקזיסטירט איין פּאָליטישע איינהייט — קאנאדע. זי באשטייט פון עטלאכע פּראָווינצן. איין פּראָווינץ אין איר — קוויבעק — איז א פראנצויזישע. די איבעריקע זיינען ענגלישע. אזוי שטעל איך מיר פאָר די צוקונפט פון יענער גרויסער פּאָליטישער איינהייט, אין וועלכער איין שטאט וועט זיין אַ אידישער — ארץ־ישראל. די איבעריקע וועלן זיין אראַבישע.

אָבער ווייל די דאָזיקע פּאָליטישע איינהייט וועט געבוירן ווערן אין א צייט־אַלטער ווען דער באַגריף פון פרייהייט בכלל און נ א צ י א נ א ל ע פרייהייט בפרט וועט זיין מער באגרייפלאך און קלערער סיי פאר דער אויסערלאכער וועלט, סיי פאר די פעלקער, וועלכע וועלן אין דער דאָזיקער איינהייט זיין ארייגעוועבט — וועט די מאָס פון זעלבסטשטענדיקייט פאר דעם אידישן שטאט, ווי פאר די באזונדערע אראבישע און אנדערע שטאטן, וועלכע וועלן אין דער פּאָליטישער איינהייט איינגעשלאָסן ווערן, זיין א סך א ברייטערע. זיין סואווערעניטעט מער באפּעסטיקט און זיין אינערע פרייהייט פאר קולטורעלער אנטוויקלונג וועט בפועל ממש קענען זיין אומבאגרעניצט.

אויסער אָט די צוויי העכערע פּאָליטישע כחות, וואָס וועלן באגרע־ניצן אונדזער סואווערעניטעט, מוז ארץ־ישראל בלייבן א זעלבסטשטענ־דיקער אידישער שטאט. עס בלייבן נאָך פיר פראגן:

א) מוז צוליב דעם ארץ־ישראל ווערן דורכאוים אידיש?

ב) מוז דאָס גאַנצע אָדער, ווייניקסטנס, א מאַיאָריטעט פון דעם אידישן פאָלק זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל?

ג) ווי ברייט זאָלן זיין די גרעניצן פון ארץ־ישראל?

ד) פארוואָס זאָלן די אראבער וועלן אַזאַ פּאָליטישע געביידע?

אויף דער ערשטער פראַגע איז דער ענטפער: ניין! ווי דייטשלאַנד מוז ניט ווערן דורכאויס דייטש, ווי פראַנקרייך מוז ניט ווערן דורכאויס פראַנצויזיש, און אַזוי ווייטער. עס מיינט אָבער יאָ בפירוש, אַז די מאַיאָריטעט באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל מוז ווערן אידיש, פּונקט ווי יעדע נאַציע איז א מאַיאָריטעט באַפעלקערונג פון איר שטאַט.

אודאי זיינען דאָ פאַרשידענע מדרגות פון אַזוי־גערופענע סואווע־רענע פעלקער. ס'זיינען דאָ פעלקער, וואָס אין דער פּאָליטישער מדינה וואו זיי לעבן זיינען זיי ניט נאָר סואווערען, נאָר טאַקי פולשטענדיק האָמאָגען. איין פאָלק זיצט אין איין פּאָליטישער מדינה. דאַגעגן זיינען דאָ מדינות מיט מינאָריטעטן־נאַציעס פון פאַרשידענעם גרויס: פון מדינות וואו די מינאָריטעטן שטעלן צוזאַמען אַן אומבאַדייטנדן פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, ביז מדינות וואו אַלע מינאָריטעטן צוזאַמען דערגרייכן ביז כמעט א העלפט פון דער געגעבענער מדינה. ווי אַזוי די לעצטע מדינות וועלן איבערגעאַנדערשט ווערן, ווען אין דער וועלט וועט הערשן דער אמת'ער פּרינציפּ פון פעלקער־גלייכקייט, איז א קאַפּיטל פאַר זיך. די פּראָגרעסיווע וועלט וועט אָן ספק דערגיין צו א צושטאַנד וואו אַזעלכע מדינות וועלן שטאַרק רעווידירט ווערן. און וועלן בלייבן מדינות מיט גרויסע מינאָריטעטן־פעלקער אין זיי, וועלן די אינטערפעלקערלאַכע באַ־ציאונגען אין די דאָזיקע מדינות אודאי זיין פיל גערעכטערע ווי זיי זיינען איצטער.

קיינער קאָן איצטער ניט פעסטשטעלן צו וואָס פאַר אַ מדרגה פון א מאַיאָריטעט מיר וועלן אין ארץ־ישראל, ביים אויפשטעלן די אויבנגעצייכנטע פּאָליטישע געביידע, דערגרייכן. עס איז אָבער אומבאַ־דינגט נויטיק פעסטצושטעלן דעם פּרינציפּ אַז מיר האָבן א רעכט, — ניין, אַז עס איז אונדזער פליכט! — צו באַשאַפן אין ארץ־ישראל א אידישע מאַיאָריטעט. די דאָזיקע מאַיאָריטעט זוכן מיר, און מיר מוזן זי זוכן ניט כדי וועלכע עס איז מינאָריטעט צו אונטערדריקן, נאָר כדי אויס־צוגלייכן אונדזערע נאַציאָנאַלע לעבנס־באַדינגונגען מיט די נאַציאָנאַלע לעבנס־באַדינגונגען פון אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. אפילו דאַן, ווען קיין מאַיאָריטעט נאַציע וועט ניט אונטערדריקן קיין מינאָריטעט, ציט

די מאַיאָריטעט נאַציע, פון דעם סאַמע פאַקט וואָס זי איז אַ מ אַ י אָ ר י ט עט, אומגעהויערע גרויסע נוצן פאַר איר נאַציאָנאַלן לעבן, וואָס די מינאָריטעט, ביי איר פולשטענדיקער פרייהייט, קאָן זיי ניט האָבן. פון דעם דאָזיקן נאַציאָנאַלן פאָרצוג טאָר קיין נאַציע זיך ניט אָפּזאָגן.

א אידישע מאַיאָריטעט אין ארץ־ישראל מיינט פאַר אונדז, אלזאָ, די גאַראַנטיע, אז אין איין ווינקל אויף גאָטס ערד וועלן מיר, דורך אונדזער קאָנצענטרירטן לעבן ווי א מאַיאָריטעט, קאָנען פריי זיין אין אונדזער לעבן, קאָנען באַשטימען אונדזער אייגענעם גורל, קאָנען אויסלעבן און ארויסשאַפן פון זיך אונדזער אייגענע קולטור. דאָס דאָזיקע רעכט מוז פאַרמאָגן יעדעס פאָלק אויף דער וועלט. און ניט נאָר איז דאָס א פראַגע פון רעכט אליין. די גאַנצע מענטשהייט מוז באַשאַפן פאַר יעדער נאַציע אַזעלכע מ ע ג ל אַ כ ק יי ט ן פאַר זיין לעבן, אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס זאָל אויף א נ אַ ט י ר ל אַ כ ן א ו פ ן גאַראַנטירן די דאָזיקע רעכטן זיינע. די מענטשהייט דאַרף עס באַזאָרגן סיי צוליב דעם אבסטראַקטן יושר, סיי צוליב אירע אייגענע אינטערעסן. ווייל נאָר אויף אַזא אופן וועט קאָנען פאַר דער גאַנצער מענטשהייט גאַראַנטירט ווערן אייביקער פרידן.

בלייבט איבער איין פאָלק אָן אַזא מאַיאָריטעט ווערט דאָס דאָזיקע פאָלק געשטעלט אין אַ רעכטלאָזן אויסנאַם־צושטאַנד ווי אַ נאַציע. די דאָזיקע רעכטלאָזיקייט מוז מיט זיך פאָרשטעלן א צוואָווייטאָקטן פונקט אין דעם גאַנצן מענטשלאַכן אָרגאַניזם. איז דאָס פאָלק אַליין זייער שוואַך, וועט דער אלמענטשלאַכער אָרגאַניזם בייקומען דאָס דאָזיקע פאָלק דורך פאַרצערן אים גייסטיק, פשוט אסימילירן אים אין זיך. איז אָבער דאָס דאָזיקע פאָלק שטאַרק אינערלאַך, וועט זי מיט זיך פאָרשטעלן אַן איי־ביקן אומגעזונטן צעל אין דעם מענטשלאַכן אָרגאַניזם און וועט אים פאַרשאַפן אייביקע צרות.

יעדע נאַציע האָט איר באַרעכטיקטן אתה בחרתניזם. ערגעץ וואו איז זי אנדערש ווי די איבעריקע נאַציעס. דערפון קומט איר נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. און ווייל זי איז אנדערש, טראָגט זי עפּעס אנדערעס צו צום געזאַמטן אוצר פון דער וועלט־קולטור, פון דער וועלטס גייסטיקער רייכקייט. אין אָט דער דאָזיקער אנדערשקייט שטעקט איר נאַציאָנאַלער אתה בחרתנו. אונדזער אידיש פאָלק איז אודאי באַרעכטיקט צו זיין חלק נאַציאָנאַלן אתה בחרתניזם. ווייל מיר האָבן צום אוצר פון דער וועלטס גייסטיקער רייכקייט זיבער פיל בייגעטראָגן, און מיר, נאַ־ציאָנאַלע אידן מכל המינים, גלויבן באמונה שלמה, אז אונדזער ראָלע אויף

דעם געביט האָט זיך נאָך ניט געענדיקט; אז מיר פאַרמאָגן אין זיך גרויסע פּאָטענציעלע גייסטיקע כחות, וואָס ביי בעסערע נאַציאָנאַלע לעבנס־באַדינגונגען, וועלן מיר זיי קענען בעסער און פרייער ארויסברענגען, כדי אונדזער אייגענעם לעבנס־תוכן צו באַרייכערן און אויך רייכער מאַכן דעם געזאַמטן אַלוועלטלאַכן גייסטיקן אוצר.

און טאַקי דערפאַר זוכן מיר דורך ארץ־ישראל אויסצובעסערן אונדזערע נאַציאָנאַלע לעבנס־באַדינגונגען. און טאַקע דערפאַר זיינען מיר איבערצייגט, אז מיר זיינען בארעכטיקט צו א אידישער מאַיאָריטעט אין ארץ־ישראל, ווייל בלויז די אידישע מאַיאָריטעט וועט אונדז געבן די מעגלאַכקייט פול און גאַנץ און פריי ארויסצוברענגען פון זיך די דאָזיקע פּאָטענציעלע כחות אונדזערע.

אויף דער צווייטער פראַגע ענטפער איך: קיין מוז איז דאָס ניט. אָבער אז סוף־כל־סוף וועט די גרויסע מאַיאָריטעט פון אידישן פאָלק זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל איז אבסאָלוט זיכער, אויב נאָר מיין אָנגעצייכנטער פּאָליטישער ציל וועט דערגרייכט ווערן. איך באַזיר מיינע פּאָליטישע צילן אויף דעם געגנזייטיקן אינטערעס פון אידן מיט אראַבער און אפשר אויך מיט אנדערע מזרח פעלקער. אויב מיין הויפּט האָפנונג איז א ריכטיקע, דאַן וועט יעדער נייער מיליאָן אידן, וואָס וועלן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל, שטאַרקן די גאַנצע פּאָליטישע געביידע וואָס דאַרף אויפגעבויט ווערן לטובת אַלע פעלקער, וועלכע וועלן זיך אין איר אָנשליסן. און אז אַלע געזונטע טיילן פון אידישן פאָלק, וועלכע וועלן וועלן לעבן ווי אידן, און ווי פ ר י י ע אידן, וועלן שטרעבן צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, איז פאַר מיר קלאָר.

די שווערקייט איינצוזען דעם אמת פון דער דאָזיקער באַהויפּטונג באַשטייט אין דעם וואָס מיר אַלע, ווען מיר טראַכטן וועגן אריבערפירן מיליאָנען אידן קיין ארץ־ישראל, טראַכטן מיר אַלץ אין טערמינען פון איצטיקע באַדינגונגען: וויפיל דאַרף קאָסטן דאָס אימיגרירן, דאָס קאָלאָניזירן און באַפעסטיקן מיליאָנען מענטשן אין א ניי לאַנד. אַזוי אָבער ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט, אז איך האָב אין זינען ווייטע ענד־צילן; אַזוי ווי פּאַראַלעל מיט אונדזער אייגענער ארבעט אין ארץ־ישראל קומט פאָר אין דער וועלט דער גרויסער פּראָצעס פון סאָציאַליסטישן איבערבוי פון דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט; אַזוי ווי איך בין איבערצייגט, אז די עקזיסטענץ און דאָס פרייע אויסלעבן זיך פון יעדער נאַציע וועט ווערן אַ הייליקער אומבאַרירבאַרער יסוד פון דעם צוקונפטיקן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענלעבן אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט; אַזוי ווי עס

איז זיכער, אַז עקאָנאָמישע סיבות וועלן דאַן ניט האַלטן יחידים און גרופּן צוגעשמידט צו די לענדער וואו עקאָנאָמישע סיבות האָבן זיי פאַר־וואָרפן; אַז אַ נאַטירלאַכע איבערוואַנדערונג וועט פּאָרקומען און יחידים און גרופּן וועלן אָן ספק אויסקלייבן זייערע שטענדיקע וואוינונגס־ און לעבנס־פּלעצער, לויט דער מאָס פון מעגלאַכקייט פאַר אינערלאַכער אויסלעבונג וואָס די פּלעצער וועלן זיי געבן, — לויט דעם זעלביקן אינערן טריב וועלן אַלע יענע אידן, פאַר וועמען דאָס לעבן ווי אידן, און ווי פרייע אידן, וועט נאָך אַלץ עפּעס מיינען, קומען קיין ארץ־ישראל.

דער דאָזיקער ענין: ווי ווייט דוקא דער סאָציאַליזם עפנט אויף אומגעהויער ברייטע האָריזאָנטן פאַר דער פולשטענדיקער רעאַליזירונג פון ציוניזם אין דעם גרעסט־מעגלאַכן פאַרנעם — קאָן דאָ בשום אופן ניט אויסגעשעפּט ווערן. געדענקען מוז מען אַז אפילו אין דער ניכטערער בריטיש לייבאָר פּאַרטי איז פאַראַן אַ זייער באַדייטנדער פליגל וואָס רעדט קלאָר וועגן דורכפירן סאָציאַליזם אין אונדזערע יאָרן. עס איז דעריבער ווייט ניט קיין פאַנטאַזיע צו בויען די פולקאָמענע רעאַליזירונג פון ציוניזם דוקא אויף דער פאַרווירקלאַכונג פון סאָציאַליזם. פאַרקערט, עס וואָלט געווען זייער קורצזיכטיק פון דער אידישער פּאָליטיק ווען זי זאָל ניט נעמען אין באַטראַכט יענע גרויסע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, וואָס טרעט אריין אין דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט. בפרט ווען עס גייט פשוט אויף אַ ליכט אין די אויגן, ווען מען טראַכט וועגן די אומ־באַגרעניצטע מעגלאַכקייטן, וועלכע עפענען זיך פאַרן ציוניזם דוקא דורך דער פאַרווירקלאַכונג פון סאָציאַליזם. זיכער איז אַז אָט יענע גרויסע זאָרג וואָס אַ סך ערנסטע ציוניסטן האָבן וועגן דעם, צי וועט כאָטש אַ באַדייטנדער טייל פון אידישן פאָלק זיך סוף־כל־סוף באַזעצן אין ארץ־ישראל — די דאָזיקע זאָרג פאַרשווינדט, ווען מען טראַכט וועגן אונדזער אַרבעט ניט דוקא אונטער קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען, נאָר אויך אונטער צוקונפטיקע סאָציאַליסטישע.

איך וואָלט ניט געוואָלט מיספאַרשטאַנען ווערן. איך האַלט ניט אַז דער ציוניזם דאַרף זוכן זיין הכשר אין סאָציאַליזם און אויך ניט אַז דער סאָציאַליזם ווערט נאָר דורכדעם געכשר׳ט וואָס זיין פאַרווירקלאַכונג וועט העלפן רעאַליזירן דעם פולן — אויב איר ווילט עקסטרעמן — ציוניזם. ביידע באַוועגונגען לעבן אויף זייערע באַזונדערע אינווייניק־סטע אמתן. זיי זיינען זיך אָבער געשיכטלאַך צוזאַמענגעקומען אין דער לעבעדיקער רעאַליטעט. דעם פאַקט טאָר קיינער ניט פאַרקוקן.

און טראַכט מען אַזוי, ווערט בולטער ווי אַזוי עס וועט אויך סוף־כל־

סוף פארענטפערט ווערן די דריטע פראגע: ווי ברייט וועלן דארפן זיין די גרעניצן פון יענעם אידישן שטאט ארץ־ישראל. און ווידער אמאל: טראכט מען אין איצטיקע טערמינען, קלינגט עס ווי סתם רייד, און אפשר נאך ערגער. טראכט מען אבער אין טערמינען, ערשטנס, פון דער סאציאליסטישער אנטוויקלונג פון דער וועלט און, צווייטנס, אין טערמינען פון אט יענער גרעסערער פאליטישער איינהייט, וואס ווערט אויפגעבויט אין נאענטן מזרח, ווענעמס אלע טיילן דארפן זיין פאראינטערעסירט זי זאל וואס שטארקער, גרעסער, קולטורעלער, ציוויליזירטער ווערן, און גערענקט מען דערביי די אומגעהויערע שטחים פון ניט באנוצטע לענדערייען, וואס וועלן במילא זיין איינגעשלאסן אין דער דאזיקער פאליטישער איינהייט — דאן ווערט קלאר, אז אויב נאר דער הויפט פלאן האט א ממשותדיקן יסוד, דאן וועט עס פאר דעם גאנצן פלאן זיין פון אומגעהויערער וויכטיקייט צו זארגן פאר דעם אז דער אידישער שטאט, ווי א טייל פון דער גרויסער מדינה פון נאענטן מזרח, זאל האבן גענוג שטח, פאר זיין פולקאמענער אנטוויקלונג.

אט דאס זיינען אונדזערע פאליטישע צילן אין ארץ־ישראל ווי איך באגרייף זיי. אז זיי זיינען גוט פאר אונדז, רעכן איך, וועט יעדער איינער צוגעבן. איך דארף אבער באווייזן אז די אראבער דארפן אויך זיין אין דעם פאראינטערעסירט.

# 3. די אראבישע פּאָליטישע צילן אין ארץ־ישראל

אויך אין דעם קאַפּיטל האָבן מיר אין זינען די צוקונפט. אויך דאָ ווילן מיר אויף א מאָמענט איבערשפּרינגען די איצטיקע שווערע געגנוואַרט און פּרובירן אָנצייכענען א ליניע וועגן יענע פּאָליטישע צילן, וואָס די אראבער דארפן זוכן אין ארץ ישראל פאר זייער צוקונפט. מיר מוזן זיך אויף אַ מאָמענט פאָרשטעלן אַז ביי די אַראַבער איז אַנטשטאַנען אַ געזונטע נאציאָנאלע באוועגונג; אז די דאָזיקע באוועגונג זוכט, פּונקט ווי דער ציוניזם ביי אידן, בלויז ריינע נאציאָנאלע צילן פארן גאנצן אראבישן פאָלק. וואָס פאר א צילן דארף זיך אלזאָ אזא אראבישע נאציאָנאלע באוועגונג שטעלן בנוגע ארץ־ישראל?

איידער אָבער מיר קומען צו אָט דעם קאָנקרעטן פּונקט, מוזן מיר אויף א מאָמענט זיך ווענדן צו אן אנדער וויכטיקן פּאָליטישן כח, וואָס שפּילט שוין און וועט אויך אין דער צוקונפט מוזן שפּילן א גרויסע ראָלע אין דער אנטוויקלונג סיי פון גאנצן אָריענט, סיי פון ארץ־ישראל. איך האָב אין זינען די גרויסע וועלט, אויסער די אראבער און אידן, וואָס האָט אויך עפּעס וואָס צו זאָגן אין דעם ענין. ניט מיר, ניט די אראבער, קאָנען און דארפן פארזען יענע גרויסע וועלט. טאָמער ווען מיר עס אפילו וועלן פארזען, וועט די וועלט ניט לאָזן. ווייל די גרויסע וועלט איז אומגעהויער שטארק פאראינטערעסירט אין די אנטוויקלונגען פון נאָענטן מזרח. די דאָזיקע וועלט איז בנוגע אונדזערע ענינים צעטיילט אויף פּראָגרעסיווע און רעאקציאָנערע כחות.

די באַציאונגען פון די פּראָגרעסיווע און רעאַקציאָנערע כחות פון דער וועלט צום נאָענטן מזרח טיילן זיך לויט פּאָלגנדיקער ליניע: זאָלן די פעלקער פון נאָענטן מזרח (די זעלבע באַציאונג איז אויך נאַטירלאַך צום ווייטן מזרח, אָבער איך באַהאַנדל בלויז דעם נאָענטן מזרח) אויפלעבן, ערע גרויסע שטחים פון וויסטן באַדן פרוכטבאַר מאַכן, זייערע פּאָטענציעלע קולטור־כחות אַנטוויקלען, אָדער ניט. אַלע רעאַקציאָנערע כחות פון דער וועלט האָבן מורא פאַר׳ אַזאַ אויפלעבונג. זיי וואָלטן פאַר איר קיין מורא ניט געהאַט, ווען זיי וואָלטן געגלויבט אַז אַן אויפגעוואַכטער מזרח קאָן זיך לאָזן עקאָנאָמיש און פּאָליטיש פירן פון דער וועלט־רעאַקציע. די עקאָנאָמישע אויפריכטונג פון די גרויסע שטחים באָדן וואָלט די וועלט־רעאַקציע אויך שטאַרק געוואָלט, ווען זי וואָלט עס געקענט נוצן פאַר אירע צילן. די וועלט רעאַקציע ווייס אָבער אַז עקאָנאָמישע אויפריכטונג אָן פּאָליטישער און קולטורעלער דערהויבונג איז ניט מעגלאַך. וועט זי בדאי לאָזן שטחים פון באָדן וויסט, אָן נוצן פאַר קיינעם, אבי איר הערשאַפט איבערן מזרח זאָל זיין געזיכערט. די פּראָגרעסיווע וועלט, דאַגעגן, האָפּט סיי אויף דער עקאָנאָמישער, סיי אויף דער פּאָליטישער און קולטורעלער אויפריכטונג פון מזרח.

און ווייל דער ציוניזם האָט געמאַכט דעם זייער וויכטיקן אָנהייב אויפצובויען א טייל פון נאָענטן מזרח; און ווייל דער דאָזיקער טייל — ארץ־ישראל — פאַרנעמט סיי קולטור־היסטאָריש, סיי געאָגראַפיש א זייער סטראַטעגישע פּאָזיציע אין גאַנצן מזרח, האָבן זיך די דאָזיקע אונטערשיידן פון באַציאונגען מצד פּראָגרעסיווע און רעאַקציאָנערע כחות פון דער וועלט נאָך בולט׳ער געגומען פאָרמירן ארום אונדזער בוי ארבעט אין ארץ־ישראל. די פּראָגרעסיווע וועלט שטיצט אונדז. די רעאַקציאָנערע וועלט שטיצט ... ניט די אַראַבער, נאָר די אַראַבישע עפענדים.

עס איז גענוג דורכצופירן אין געדאַנק די פאַרשידענע כחות וואָס שטעלן זיך אָפּן אָדער פאַרשטעלט געגן אונדזערע צילן, כדי תיכּף איינצוזען, אַז דורך אונדזערע צילן וויל מען טרעפן א פיל געפערלאַכערן כח פאַר דער וועלט־רעאַקציע, די אויפוואַכונג פון גאַנצן מזרח.

באַטראַכט נאָר דאָס געזינדל:

מוסאָליני, דורך דער קאַטוילישער קירך, זוכט אריינצושטעלן א פוס אין מזרח, זיכער ניט כדי דאָרטן צו ברענגען פרייהייט און אויפלעבונג פאַר די פעלקער פון מזרח. ער מאַכט זיינע ערשטע מאַנעווורעס אין ארץ־ישראל, ווייל ער דענקט אז דורך די קאַטוילישע אַספּיראַציעס אויף הייליקע פּלעצער אין ארץ־ישראל וועט ער קענען די גאַנצע קאַטויליש־

טרייע וועלט אויסנוצן פאר זיינע אינטריגעס. ווילן וויל ער דורכדעם קריגן פאר זיך א גרויסן איינפלוס אין די מאנדאט לענדער, פון וואנען ער וועט קענען נאכהער אויסשפרייטן זיין ווירקונג אויפן גאנצן אָריענט. ווער קען וויסן ווי ברייט און ווייט זיינע חלומות פון א באנייטער רוימישער וועלט־אימפעריע גייען. זיכער האָט ער אָבער זייער ווייניק סימפאטיע פאר דער אמת'ער אויפלעבונג פון די אָריענט פעלקער, סיי עקאָנאָמיש, סיי גייסטיק, סיי פּאָליטיש.

די עקסטרעמע אימפעריאליסטן פון ענגלאנד, וועלכע האָבן דורך די לוק'ס און קיטראוטשעס דעמאָנסטרירט זייער שנאה צו אונדזער בוי־ארבעט, אויך זיי טראָגן ניט צו די פעלקער פון מזרח קיין האָפנונג פון באנייאונג און באפרייאונג. מיט די דאָזיקע עקסטרעמע אימפעריאליסטן שטייען אלע יענע כחות פון דער אייראָפּייאישער רעאקציע, וואָס ציטערט אימת מות פאר דער אויפלעבונג פון מזרח. זיי אלע ציטערן פאר דעם ביישפּיל וואָס אונדזער ארבעט אין ארץ־ישראל קאָן ווייזן די אנדערע מזרח פעלקער ווי אזוי זיי קענען איבערבויען זייערע לעבנס און אויפשטיין צו פארנעמען זייערע געהעריקע פּאָזיציעס אין דער וועלט.

א באזונדערן אָרט פארנעמט אין דער דאָזיקער באציאונג די קאָמוּניסטישע באוועגונג. עס איז שוין פאַר אַלעמען קלאָר, אַז דער קאָמונים־טישער אינטערנאציאָנאַל האָט געהאט זיין חלק אין יענער העצע, וואָס האָט געפירט צו דעם אָנפאל אויף אונדזער ישוב אין אויגוסט 1929. עס איז שוין אלעמען באקאַנט די חברותא וואָס ער האָט געשלאָסן מיט די עפענדים און דעם מופטי. וואָס זוכט דער קאָמוניסטישער אינטער־נאַציאָנאַל אין ארץ־ישראל? כדי קלאָר צו מאַכן דעם דאָזיקן פּונקט מוז מען ווידמען עטלאַכע שורות אַן ענין, וואָס האָט צוטאָן מיט דעם גרויסן קאמף צווישן סאָציאַליזם און קאָמוניזם אין דער גאַנצער וועלט.

סאָציאַליזם אַנטקעגן קאָמוניזם איצטער איז ניט דאָס זעלביקע וואָס דאָס האָט געמיינט פאר דער באָלשעוויסטישער עפּאָכע. דאן האָט עס געמיינט אן אונטערשייד אין דעם אופן ווי אזוי די צוקונפטיקע פּראָ־דוקציאָנס פאָרמען וועלן איינגעאָרדנט ווערן אין דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט. סאָציאליזם האָט צוגעלאָזן די מעגלאכקייט פון פריוואטער איניציאטיווע ביי ניט וויכטיקע טיילן פון דער מענטשלאכער ווירטשאפט. קאָמוניזם, דאגעגן, האָט באהויפּטעט, אז יעדע סאָרט ווירטשאפט אָן אונטערשייד מוז קאָלעקטיוו באשאפן ווערן. וועלכע פון די דאָזיקע צוויי ריכטונגען איז די היסטאָריש־ריכטיקע, וועט נאָך מיין מיינונג דאַרפן באשטימען יענער דור, וואָס וועט לעבן ביים סאמע סוף פון דעם פּראָצעס פון דער סאָציאלער רעוואָלוציע.

איצטער אָבער איז אַנטשטאַנען גאָר אַן אַנדער קאַמף־פּראַגע צווישן סאָציאַליזם און קאָמוניזם. קורץ אויסגעדריקט, האָט עס צו טאָן מיט דעם סאַמע־ציל וואָס רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען שטעלן פאַר זיך. צי שטעלט זיך די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג א ציל, אז אלץ וואָס איז געווען ביז איצט מוז מען אינגאַנצן רואינירן און אָנהייבן בויען א נייע מענטש־לאַכע געזעלשאַפט פון ערשטן אלף־בית, אָדער דער ציל דאַרף זיין: אלץ וואָס פריערדיקע דורות האָבן ווערטפולעס געשאַפן, דאַרף אויפגעהאַלטן און אָפּגעהיט ווערן און אויף די יסודות פון דאָס געשאַפענע און עקזיס־טירנדיקע דאַרף פאָרטגעזעצט ווערן דער ווייטערדיקער בוי אין באַנייטע, אויסגעבעסערטע, סאָציאַליסטישע באַדינגונגען.

דער עקספּאָנענט פון דעם ערשטן געדאַנקען גאַנג איז מלוכה־פאָרם איז רוסלאַנד. הינטער איר שטייט דער גאַנצער קאָמוניסטישער אינטער־נאַציאָנאַל. דער עקספּאָנענט פון צווייטן געדאַנקען גאַנג איז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל. זיין שטאַרקסטער איינצעלענער כח איז איצטער די בריטיש לייבאָר פּאַרטי. זיינען זיך, אלזאָ, צוזאַמענגעפאַלן די ריין־אימפּעריאַליסטישע געגנזאַצן צווישן דער רוסישער און בריטישער אימפּעריע מיט די ריין־פּרינציפּיעלע געגנזאַצן צווישן קאָמוניזם און סאָציאַליזם.

דער קאָמוניסטישער אימפּעריאַליזם באַטראַכט, דעריבער, די ברי־טישע אימפּעריע פאַר זיין וויכטיקסטן און שטאַרקסטן שונא. פאַר דעם קאָמוניסטישן אימפּעריאַליזם איז א בריטישע אימפּעריע, געפירט פון דער לייבאָר פּאַרטיי, פיל געפערלאַכער ווי א בריטישע אימפּעריע מיט א קאָנסערוואַטיווער רעגירונג בראש. ווען א קאָנסערוואַטיווער גרויס בריטאַניע קען מען גרינגער איינרעדן דעם אייגענעם עולם אלץ וואָס מען וויל אז דער עולם זאָל גלויבן. דערצו קאָן דאָך דער ארבעטער רעגירונג אין ענגלאַנד געלינגען איינצופירן וויכטיקע רעפאָרמען פאַר די ארבעטער אָן דער ווילדער דיקטאַטור. אזא ענין קאָן דורך טויזנטער קאַנאַלן דערגיין צום רוסישן עולם און ווער קען וויסן, וועלכע שלוסן דער רוסישער ארבעטער קאָן דערפון ציען?

דעריבער איז די געשיכטע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין נאָענטן און ווייטן מזרח איין קייט פון העצעס געגן גרויס בריטאַניע. הויפּטזעכלאַך געגן דער בריטישער אַרבעטער רעגירונג. וואָלטן די דאָזיקע העצעס חלילה געלונגען, וואָלט די וועלט אריינגעשלעפּט געוואָרן אין א נייער בלוט־באָד געגן וועלכער אפילו די וועלט־מלחמה וואָלט אויסגעקוקט ווי א קינדער שפּיל. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל זוכט צו

שארן פייער מיט פרעמדע הענט. ער האָט צעבלאָזן דעם נאַציאָנאַלן פייער וואו ער האָט געדענקט, אז דאָס וועט אָנצינדן ענגלאַנד. ער האָט פונאנדערגעבלאָזן דעם ראסן האס. די זעלביקע קאָמוניסטן וואָס לאכן אויס יעדע פאָרם פון נאַציאָנאַלן לעבן, האָבן סיי אָפן, סיי פארשטעלט, צעבלאָזן די געדעכטע און אומגערעכטע נאַציאָנאַלע אספיראַציעס פון די אָריענט פעלקער, אבי מע זאָל דורך דעם קענען שלאָגן ענגלאַנד. די איינציקע נאַציאָנאַלע אספיראציע וואָס האָט ניט געקענט דינען זייער ציל איז דער אידישער ציוניזם. האָט מען דעריבער דערקלערט א פאר־ניכטונגס קאמף דעם ציוניזם, בפרט ווען דער ציוניזם האָט פארבונדן זיין פּאָליטישן שיקזאל מיט גרויס בריטאַניען. האָט מען יאָרן נאָכאַנאַנד אָנגעפירט א העצע געגן אלץ וואָס מיר האָבן געטאָן אין ארץ־ישראל. אויף אָט דעם באָדן איז אויסגעוואקסן די באַציאונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל צום ארץ־ישראל פּראָבלעם.

אין וואָס פאר א לעכערלאכער לאגע דער קאָמוניזם האָט זיך ארייג־געפּלאָנטערט בנוגע ארץ־ישראל קאָן קלאָר ווערן פון דעם פאקט, אז די וואָס זיינען זיינע פארבינדעטע אין ארץ־ישראל קומען קיין לאָנדאָן און ווערן אויפגענומען דוקא פון יענע עלעמענטן, וועלכע האָבן דעם רוסישן פּארטרעטער ארויסגעיאָגט פון לאָנדאָן. איבריגנס איז צוליב דער זעל־ביקער העצע וואָס דער קאָמינטערן פירט אין אָריענט אויסגעקומען ניט איינמאָל דער רוסישער רעגירונג בכלל און דער קאָמוניסטישער באוועגונג בפרט ארויסגעטריבן צו ווערן פון אירע נעכטיקע פארבינדעטע. דער אונטערשייד אין אונדזער פאל באשטייט בלויז אין דעם, וואָס דער ארץ־ישראלדיקער עפענדי און מופטי קאָן דעם קאָמוניסט ניט טרייבן. וועט ער זיך ווייטער בעסער חבר׳ן מיט אים. אין לאָנדאָן וועט אָבער דער עפענדי און מופטי קריגן סימפּאטיע דוקא ביי די דזשאָינסאָן היקסעס און זייער חבריא, די ארכי־שונאים פון יעדער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, ווייל זיי זען אין יעדער פּראָגרעסיווער באַוועגונג באָלשעוויזם.

אויסער די קאָמוניסטן איז די צוטיילונג א פולשטענדיקע: דער אמת׳ער פּראָגרעסיווער מענטש איז פאר דער אויפלעבונג פון מזרח, דערפאר אויך פאר אונדזער ארבעט. דער אמת׳ער רעאקציאָנער ציטערט פאר דעם, דערפאר שטיצט ער דעם עפענדי און דעם מופטי.

און אפילו די קאָמוניסטן, צי מען קען זיי באצייכענען אלס רעאקצי־אָנערן אָדער ניט, אין אונדזער פאל שטייען זיי אויף איין זייט מיט דער רעאקציאָנערער וועלט. זיי פאראייניקן זיך מיט די מופטים און עפענדים ניט כדי צו העלפן די אמת׳ע אויפלעבונג פון די מזרח פעלקער, זייער

נאציאָנאלע באפרייאונג און זעלבסטשטענדיקייט, נאָר פּאַרקערט! די עפענדים און מופטים ווילן זיכער אַזאַ אויפלעבונג ניט. און זייערע פאַרבינ־דעטע, די קאָמוניסטן, אינטערעסירן זיך מיט די נאציאָנאלע אספּיראציעס פון די מזרח פעלקער בלויז אויף אזוי ווייט ווי זיי ווען זיך לאָזן אויס־נוצן פאר דער קאָמוניסטישער העצע געגן גאנץ אייראָפּע בכלל און געגן ענגלאנד בפרט. אין אונדזער פאל אלזאָ שטייען די קאָמוניסטן צוזאמען מיט דער וועלט רעאקציע אויף איין זייט און די גאנצע אמת פּראָגרעסיווע וועלט אויף דער צווייטער זייט. די ערשטע גרופּירונג וויל ניט די אויפ־לעבונג פון מזרח, מאכט ניט אויס צוליב וועלכע צילן יעדע באזונדערע גרופּע נעמט אָן אזא שטעלונג. די צווייטע וויל, האָפט און זוכט די אויפלעבונג און באפרייאונג פון אלע מזרח פעלקער.

צוליב צייטווייליקע שלעכט־אָפּגעשאַצטע דערשיינונגען טרעפט אמאָל, אז א פּראָגרעסיווער מענטש פארבלאָנדזשעט און נעמט אָן דאָס וואָס ווערט איצטער פארשטאַנען אלס „אראבישע אָריענטאציע". די אזוי גערופענע אמעריקאנער ליבעראלן און פּראָגרעסיוון, וועלכע זיינען בעצם נאָך פּאָליטישע קינדער, זיי קאָנען זיך אַמווינציקסטן אָריענטירן אין דער לאגע. דערפאר געפינט מען צווישן זיי אזויפיל פארבלאָנדזשעטע. אָבער די אלגעמיינע ליניע איז זיכער דיז: די רעאקציאָנערע וועלט וויל ניט די אויפלעבונג פון מזרח. דערפאר לאָזט זי זיך בנוגע ארץ־ישראל פירן פון די עפענדים. די פּראָגרעסיווע וועלט וויל יע די דאָזיקע אויפ־לעבונג. דערפאר סימפּאטיזירט זי מיט אונדז.

אז אלע אידן וואָס זיינען פאראינטערעסירט אין ארץ ישראל מוזן זיין פאר דער אויפלעבונג פון מזרח, איז קלאָר. דער פּשוטער שכל זאָגט עס און די געשיכטע פון דער אידישער קאָלאָניזאציע אין ארץ ישראל באשטעטיקט עס. אונדזער גרעסטער שונא איז די עקאָנאָמישע, סאָצי־אלע און קולטורעלע צוריקגעשטאַנענקייט פון די ארץ־ישראל'דיקע אראבער.

וואו ליגן אָבער די אינטערעסן פון די אראבער? — אָט דאָ קומען מיר צו די אינטערעסן געגנזאצן. דער אראבישער עפענדי און זיינע כלי־קודש מוזן זיין געגן דער אנטוויקלונג פון ארץ־ישראל ווי פון גאנצן מזרח. די אראבישע מאסן מוזן סוף־כל־סוף זיין פאר דעם, ווען אפילו דערווייל האָבן זיי נאָך אין זייערע צוריקגעשטאנענע מוחות פּלאַץ פאר דער עפענ־דישער העצע און לאָזן זיך פון איר פירן. דער ארץ־ישראל'דיקער עפענדי האָט פאר דעם אראבער אויסער ארץ־ישראל קיין אינטערעס ניט. פּאָלי־טישע צילן אינטערעסירן אים ניט. אים אינטערעסירט נאָר אז זיין גרויסער שטח באָדן, וואָס ליגט דאָך נאָך אין ארץ־ישראל, זאָל באַארבעט

ווערן אויפן אלטן פעאָדאלן אופן. זיינע קנעכט וועלן אים דאן באזאָרגן מיט א לוקסוס־לעבן אין ביירוט אָדער גאָר פאריז. ער ציטערט אויך פאר דער מעגלאַכקייט פון אַן אַגראַר רעפאָרמע, וואָס קען בכלל אָוועקנעמען פון אים זיין באָדן. דאן פארלירט ער אלץ. זיין אינטערעס ליגט טאַקי בלויז אין ארץ־ ישראל, ווייל זיין שטיק לאנד ליגט בלויז אין ארץ־ישראל. אָבער אויך ער פארשטייט, אז ארץ־ישראל איז בלויז א טייל פון מזרח. און פונקט ווי אנדערע טיילן פון מזרח קאָנען נעמען א ביישפיל פון ארץ־ ישראל, אזוי קאָן דאָך אויך פאסירן דאָס פארקערטע. דערפאַר איז ער א שונא פון פראָגרעס אין אירגענד וועלכן טייל פון דעם נאָענטן מזרח. דערפאַר וועט ער ביי יעדער געלעגנהייט זיך שטעלן אין דינסט פון דער וועלט־רעאקציע, אבי אָנצוהאלטן וואָס לענגער דעם פעאָדאלן סיסטעם אין אָריענט.

אָבער דער אראבישער ארבעטער, ווי ווייט ער אנטשטייט, דער אראבישער פעלאך, ווי בכלל דער ערנסטער אראבישער נאציאָנאליסט, וואָס וועט סוף־כל־סוף מוזן אויפקומען אין דער אראבישער וועלט, וואו ליגן ז י י ע ר ע אינטערעסן, סיי אלס אראבער, סיי אלס ארבעטער און פעלאך?

מען וועט זיכער ניט דארפן ווארטן אויף יענער ווייטער צוקונפט פון א דורכגעפירטער סאָציאליסטישער אָרדנונג כדי דער אמת'ער אראַ־בישער נאציאָנאליסט זאָל אָנהייבן פּאָליטיש קלאָר טראכטן, קלאָר רעדן און אָפן האנדלען.

דער אמת'ער אראבישער נאציאָנאליסט וועט קודם כל געדענקען, אז די נאציאָנאלע אספּיראציעס פון דער אראבישער וועלט זיינען ניט באגרעניצט מיט 6 אָדער 7 הונדערט טויזנט אראבער אין ארץ־ישראל. פונקט ווי די אידן טראכטן וועגן זייערע נאציאָנאלע אספּיראציעס ניט בלויז פאר די 170 טויזנט אידן וואָס געפינען זיך איצטער אין ארץ־ישראל.

דאן וועט ער זיך מוזן פארטראכטן וועגן דעם טיפן תהום, וואָס ליגט צווישן זיינע אינטערעסן און די אינטערעסן פון דעם עפענדי. עקאָנאָמיש איז ניטאָ קיין שלום פונקט צווישן די דאָזיקע שאַרפע קלאַסן און קאַסטן געגנזאצן. פּאָליטיש און נאציאָנאל וועט דער אמת'ער אראבישער נאַ־ציאָנאליסט זוכן פולקאָמענע פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט און דער עפענדי וועט אלעמאָל זיין גרייט צו פארבינדן זיך מיט אירגענד וועלכער אימפּעריאליסטישער מאכט אין קאמף געגן דער אויפלעבונג פון די מזרח פעלקער. דער אויפגעלעבטער און אויפגעקלערטער אראבישער ארבעטער, פעלאך, אינטעליגענט און אמת'ער נאציאָנאליסט, וועט מוזן זוכן פאר־

בינדעטע אין דער וועלט. ער וועט דערזען אז מיט דעם עפענדי שטייט די וועלט רעאקציע, אָבער אז פאר זיינע אמת'ע אספיראציעס פון אויפ־לעבונג און באפרייאונג שטייט די גאנצע פּראָגרעסיווע וועלט. ער וועט זיך אָנהייבן פונאנדערקלייבן אין די אורזאכן וואָס האָבן צעטיילט די וועלט בנוגע דעם מזרח. זיכער אז פאר אים וועט בלייבן בלויז איין וועג: מיט דער פּראָגרעסיווער וועלט צו אויפבוי און אמת'ער פרייהייט.

און אז ער וועט קומען צו זיין באוואוסטזיין וועט ער דערזען אין דער וועלט מיליאָנען אידן וואָס זיינען גרייט צו קומען אין אָריענט ניט נאָר אין די איצטיקע גרעניצן פון ארץ־ישראל, ארייגלייגן דאָרט זייער פּיאָנערישע ענערגיע, זייער דערפארונג, זייער טעכנישן וויסן — דאָס אלץ שטעלן צום דינסט פון דעם אויפלעבונג־פּראָצעס פון גאנצן מזרח. און דער ארץ־ישראלדיקער אראבער צוזאמען מיט דעם אראבער פון אויסער ארץ־ישראל וועלן דערזען די אומגעהויערע גרויסע שטחים באָדן, וויסטע, ניט אויסגענוצטע, וואָס פארבאָרגן אין זיך אומגעהויערע רייכ־טימער. וועלן דערזען וואָס ענערגיע, וויסן און ארבעטס־ווילן האָבן געמאכט פון דעם שמאָלן פאס ערד צווישן ירדן און מיטל־מער. ווי קען דען אנדערש זיין, אז ער וועט דערזען אין דעם אידישן אָנקומען א גליק פאר זיך. ווי קאָן דען אנדערש זיין אז אויפן באָדן פון די דאָזיקע עקאָנאָמישע אינטערעסן־געמיינשאפטלאכקייט זאָל געבוירן ווערן דער זין פאר פּאָליטישע אינטערעסן־געמיינשאפטלאכקייט.

וואָס פאר א פּראָבלעם וועט דאן שטיין פאר דעם אמת'ן אראבער־נאציאָנאליסט? ער וועט קלאָר וויסן וועלכער כח עס טרייבט דעם אידן אין ארץ־ישראל. ער וועט קלאָר וויסן וואָס עס איז ווערט פאר זיינע אמת'ע נאציאָנאלע אינטערעסן דער גרויסער ביישפּיל וואָס אידן האָבן אים ביז איצטער געגעבן און וועלן אים ווייטער געבן. ער וועט פארשטיין אז אוועקנעמען פון אידן זיין האָפנונג אויף ארץ־ישראל — דעם איינציקן פלאץ פאר זיין נאציאָנאלן קיום — הייסט אוועקנעמען פון אידישן פאָלק יענע מאָטאָרישע קראפט וואָס גיט ענערגיע דער גאנצער אויפבוי ארבעט אין ארץ ישראל. דאָס הייסט נאטירלאך אויך אוועקנעמען פון דעם אראבער יענע גרויסע הילף וואָס דער איד וועט מיט גרוים פרייד געבן דעם אראבער אין זיין קאמף עקאָנאָמיש אויפצולעבן די גרויסע לענדע־רייען וואָס דער אראבער קען פארמאָגן, און פּאָליטיש און נאציאָנאל צעמענטירן דעם גרויסן אראבישן פאָלק און העלפן אים ארויספירן אויף דעם וועג פון פולשטענדיקער נאציאָנאלער און מענטשלאכער פרייהייט. וועט פאר דעם כדאי זיין פאר דעם אראבער צוצושטימען אז אידן זאָלן פארמאָגן אין ארץ־ישראל זייער נאציאָנאלע היים אָדער ניט?

איך לאָז אוים אינגאנצן דעם פאקט פון די ראסן געמיינשאפטלאכ־
קייטן פון דיביידע פעלקער. דאָס וועט אָבער אויך זיין א וויכטיקער
מאָמענט אין דעם צוקונפטיקן צוזאמענלעבן צווישן אידן און אראבער.
איך שטעל זיך אָבער אָפּ אויף די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע
אנטוויקלונגען וואָס דער אראבער מוז דורכמאכן אין דער צוקונפט. און
דאן זאָל קומען דער איד און אָנווייזן אים וואָס פאר א גליקלאכע פּאָלי־
טישע און נאציאָנאלע צוקונפט עס ליגט פאר ביידע פעלקער אין דעם
אויבן אָנגעצייכנטן פּאָליטישן פלאן. נעמט נאָר אוועק די איצטיקע
אָנגעצויגנקייט און שנאה. ברענגט אויף דעם פלאץ געגנזייטיקן צוטרוי
און פארשטיין, באזירט אויף געמיינשאפטלאכע אינטערעסן און אויף
געמיינשאפטלאך דערגרייכטע רעזולטאטן, און וועלכער מענטש, וואָס
קאָן זען עטוואָס ווייטער פון דעם היינטיקן טאָג, קאָן ניט קלאָר זען די
צייט, ווען ביידע פעלקער וועלן צייטיק ווערן פאר אזא פּאָליטישער
פאראייניקונג ווי אויבן געשילדערט? און וועלכער מענטש קען ניט קלאָר
זען, אז עס איז די אויפגאבע פון דער פּראָגרעסיווער וועלט צו העלפן
פארשנעלערן דעם פּראָצעס וואָס מוז פירן צו אָט אזא ענטפער אויף דעם
פּראָבלעם פון אידיש־אראַבישע באַציאונגען.

סיידן מען שטייט אויף דעם שטאנדפונקט אז יצר לב האדם איז
אלעמאָל געווען און מוז בלייבן שלעכט: סיידן מען האָט פארלוירן יעדן
גלויבן אז די מענטשהייט גייט צו העכערן פּראָגרעס; סיידן מען מיינט אז
דער אראבער איז אויף אייביק פארמשפט צו אָפּגעשטאנענקייט און
שקלאפעריי — דאן זאָל מען זיך שרעקן אז אונדזערע אָנשטרענגונגען
אין ארץ־ישראל וועלן צו גאָרנישט פירן. גלויבט מען אָבער אין דער
מענטשלאכער אנטוויקלונג, דאן בויען מיר אין ארץ־ישראל אויף א גע־
זונטן באָדן, טראָץ צייטווייליקע אָנפאלן. גלויבט מען אין דער מענטש־
לאכער אנטוויקלונג און אין דעם מענטשלאכן זין פאר גערעכטיקייט,
מעגן מיר און מיר זיינען מחויב קלאָר צו פּאָרמולירן אונדזערע פולע
פּאָליטישע צילן, אז מיר גייען אין ארץ ישראל בויען דעם סואווערענעם
אידישן שטאט, און מיר וועלן מסכים זיין בלויז אויף יענע באגרענצונגען
אין אונדזער סואווערעניטעט, וועגן וועלכע עס איז אויבן גערעדט.
גלויבט מען אין דער פּראָגרעסיווער אנטוויקלונג פון דער וועלט, דאן
דארפן מיר האָפן אז סיי די אראבער, סיי די גאנצע וועלט וועט איינזען
דעם אמת'ן אינטערנאציאָנאלן יושר אויף וועלכן אונדזערע צילן זיינען
באזירט; אז ניט בלויז אין וואָרט, נאָר טאקי אין פאקט קומען מיר אין
ארץ־ישראל ניט נאָר בויען אונדזער אייגענע פרייהייט, נאָר אויך מיט־
צוהעלפן אין דער אמת'ער באפרייאונג פון דער אראבישער וועלט, סיי
עקאָנאָמיש, סיי פּאָליטיש, סיי נאַציאָנאַל.

לויט אָט די אנטוויקלונגען וועלן זיך פאָרמירן די אראבישע פּאָלי־טישע פאָדערונגען אויף ארץ־ישראל אין דער צוקונפט. עס איז ביי מיר קיין ספק ניט, אז דער באוואוסטזיניקער אראבער וועט מסכים זיין צום פלאן פון א פאראייניקטע שטאטן פון נאָענטן מזרח. ער וועט עס אליין פאָדערן. און ער וועט, צוליב זיינע אייגענע אינטערעסן, אנערקענען דאָס רעכט פון דער אידישער נאציע אויף א ז א ארץ־ישראל, וואָס זאָל מעגלאך מאכן דוקא וואָס מער אידן אריינברענגען אהין. ווייל וואָס שטארקער דער אידישער שטאט, אלץ שטארקער און פעסטער וועט זיין די גרויסע שותפות'דיקע פּאָליטישע געביידע וואָס אראבער און אידן וועלן אויפ־שטעלן, כדיביידע פעלקער זאָלן קענען פארנעמען זייערע געהעריקע פלעצער אין דער וועלט.

נאָך איין וואָרט וועגן די מינאָריטעטן רעכטן אין די שטאטן פון די באזונדערע נאציאָנאליטעטן, די אראבער מינאָריטעט אין ארץ־ישראל און אפשר אויך א אידישע מינאָריטעט אין די אראבישע שטאטן. אזוי לאנג ווי עס וועלן עקזיסטירן מינאָריטעטן, באטראכט איך אזעלכע פּאָ־ליטישע רעכט, ווי אויבן דערקלערט, אלס זעלבסטפארשטענדלאך. אָבער איך בין מודה אז די שארפע נויטווענדיקייט פון די דאָזיקע רעכטן פאר מינאָריטעטן איז ביי מיר שטארק אין ספק, ווען מיר רעדן וועגן אינ־טערנאציאָנאלע באציאונגען אין א סאָציאליסטישער געזעלשאפט. איך גלויב אז די געאָגראפישע אומשיכטונגען פון מענטשן און גרופּן אונטער א סאָציאליסטישער געזעלשאפט, וועט אזוי פולקאָם באאיינפלוסט ווערן פון יענעם אינערן דראנג צו נאציאָנאלער אויסלעבונג וואָס די באזונדערע גרופּן וועלן אין זיך פארמאָגן, אז אלץ וואָס וועט בלייבן נאציאָנאל געזונט ביי יעדן פאָלק, וועט זיך אויך געאָגראפיש איבערטראָגן צו יענעם געאָגראפישן פונקט וואו דאָס נאציאָנאלע לעבן וועט זיין אמשטארקסטן גאראנטירט און וועט פארמאָגן די ברייטסטע פרייהייט פאר אויסלעבונג.

פון דאָס אויבנדערמאָנטע דארף ווערן קלאָר, ווי וויכטיק פאר אונדז איז אז דער אראבישער פעלאך, דער אראבישער ארבעטער און דער אַראַבישער אינטעליגענט זאָל וואָס שנעלער אויפגעקלערט ווערן סיי וועגן זיינע קלאסן, סיי וועגן זיינע נאציאָנאלע פראגן.

ביז וואַנען דער אַראַבישער פעלאַך און דער אַראַבישער אַרבעטער פון ארץ־ישראל וועט קומען צו זיין באוואוסטזיין, איז ניט אויסגעשלאָסן די מעגלאכקייט ער זאָל ווידער אמאָל ווערן די האק אין האנט פון דעם עפענדי. אָבער ווען ער וועט קומען צו זיין באוואוסטזיין, וועט ער מוזן צוזאמען מיט דעם אידן מאַכן אַ סוף צום עפענדי טיפּ פון ארץ־ישראל און צוזאמען מיט אראבישע מאסן אויסער ארץ־ישראל ארויסטרייבן דעם עפענדי־טיפּ פון גאנצן נאָענטן מזרח. דורכדעם פריי מאכן דעם וועג פאר יענער אָנגעצייכנטער פאָליטישער פארברידערונג צווישן די אידן און אראבער, וואָס וועט שפּילן אן אומגעהויערע ראָלע אין דער געשיכטע פון גאנצן אָריענט און דורכדעם אויך אין דער געשיכטע פון דער גאנצער מענטשהייט.

# 4. ענגלאנדס פּאָליטישע ראָלע אין ארץ ישראל

אויך אין דעם קאפּיטל ווערט באטראכט נאָר די צוקונפט. ניט די איצטיקע האנדלונגען סיי פון דער ארץ־ישראלדיקער, סיי פון דער לאָנ־דאָנער רעגירונג, ניט דער באריכט פון דער שאָ קאָמיסיע, ניט דער גלענצענדער באריכט פון הערי סנעל, אפילו ניט יענע טיפערע פּאָליטישע אורזאכן וועלכע האָבן מצד ענגלאנד ארויסגערופן די באלפור דעקלאראציע און דעם ווילן איבערצונעמען דעם מאנדאט אויף ארץ־ישראל, — ניט די דאָזיקע אלע פּאָליטישע פראגן, אומגעהויער וויכטיק ווי זיי זיינען אן און פאר זיך, אינטערעסירן מיך אין דעם איצטיקן מאָמענט. ווייל ניט אָן זיי איז אָפּהענגיק און ניט זיי באַרירן — מיט דער אויסנאַם אפשר פון ה' סנעל'ס באַריכט אומדירעקט — יענע היסטאָריש־פּאָליטישע ראָלע וואָס ענגלאנד דארף אויף זיך נעמען אין יענעם פראָצעס, וואָס זאָל פירן צום אויפבוי פון א געמיינשאפטלאכן פּאָליטישן אָרגאניזם פון אראבער און אידן אין נאָענטן מזרח, וועלכער זאָל באַוואָרענען די פולשטענדיקע אינווייניקסטע זעלבסט־באשטימונגס־מעגלאַכקייטן פאר יעדער נאציע אָדער אפילו אייגנאַרטיקע סעקטע, וועמענס אייגנאַרט פאַרמאָגט נאָר אַ היסטאָריש־בארעכטיקטן רוח החיים.

די דאָזיקע פּאָליטישע ראָלע פון ענגלאַנד באַציט זיך זעלבסט פאַר־שטענדלאַך ניט בלויז אויף ארץ־ישראל, און ניט בלויז צו אידן און אראבער. דאָס איז א ראָלע וועלכע ענגלאַנד, אויב נאָר זי וויל אויך ווייטער פארנע־מען א וועלט פירנדיקע פּאָזיציע, מוז אָנווענדן צו אלע פעלקער, ראסן,

רעליגיעס און סעקטן, איבער וועלכע זי האָט איצט די ממשלה. מער ניט ארץ־ישראל מוז, צוליב געשיכטלאַכע אורזאכן, ווערן פאר ענגלאנד דער פּרוביר־שטיין פון איר אייגענער פעאיקייט צו פארשטיין דעם היסטאָרישן אויפשריפט אויף דער וואַנט פון דער וועלט געשיכטע. וועט זי עס אויפ־פאַסן געשיכטלאַך ריכטיק, לויט אינטערנאַציאָנאַלן יושר, לויט דעם אמת'ן פּרינציפּ פון נאציאָנאַלע גלייכווערטיקייט און גלייכבארעכטיקונג פון אלע פעלקער אויף דער וועלט, שטייט פאר ענגלאנד פאָר יענע היסטאָריש־וויכ־טיקע פּאָליטישע ראָלע צו פארוואנדלען איר אייגענע אימפּעריע אין א התחלה פון דער צוקונפטיקער אינטערנאציאָנאלער סאָציאליסטישער גע־זעלשאפט, אָן וועלכער עס זאָלן זיך נאכהער, מ י ט ז י י ע ר א י י ג ע ־ נ ע ם ו ו י ל ן , אָנשליסן אלע אנדערע פעלקער פון דער וועלט, כדי צו פארפולקאָמען די דאָזיקע אינטערנאציאָנאלע סאָציאליסטישע געזעלשאפט און מאַכן איר בוכשטעבלאַך אַלוועלטלאַך. וועט עס ענגלאַנד ניט באגרייפן, וועט ענגלאַנד נ י ט האָבן אין זינען דעם דאָזיקן גרויסן אל־וועלטלאַך היסטאָרישן ציל, — דאן שטייען מיר אפשר ביים אָנהייב פון דעם צוזאמענפאל פון דער גאנצער בריטישער אימפּעריע.

יעדער פּאָליטישער בר־דעת, וואָס פארמאָגט נאָך דערצו אביסל מוט אריינצוקוקן אָפן דער צוקונפט אין די אויגן אריין, מוז שוין איצטער איינ־זען איין וויכטיקע פּאָליטישע אומפארמיידלאכקייט: אירגענד וועלכע פעל־נער, אפילו די בעסטע, וועגן דער פּאָליטישער צוקונפט פון דער וועלט, וועלכע נעמען ניט אריין, ווי אן אבסאָלוטע נויטווענדיקייט, די באפרייאונג פון די מזרח פעלקער, וועט לאנג ניט קענען אויסהאלטן. קלערער ווי אלע וועלן עס דארפן פארשטיין סאָציאליסטן. ביי אלע שוועריקייטן וואָס זיינען זיכער פאראן אין דעם פּראָצעס פון אויפלעבונג און אויפהויבונג פון אלע מזרח פעלקער, מוז די פּראָגרעסיווע, און בעיקר די סאָציאליסטישע וועלט באגרייפן, אז אָן אזא אויפלעבונג און אויפהויבונג קאָן קיין אמת'ע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרברידערונג אין דער וועלט ניט באַשטיין. און אָן אן אמת'ע אינטערנאַציאָנאלע פארברידערונג, אָן דער אנערקענונג פון אלעמען, אז אלע פעלקער פון דער וועלט זיינען בארעכטיקט צו גלייכשטעט־לונג אין מעגלאכקייטן סיי פאר זייערע עקאָנאָמישע, סיי פאר זייערע גייסטיקע הצטרכות'ן, — אָן אזא אויפריכטיקע אינטערנאציאָנאלע פאר־ברידערונג וועט קיין פּאָליטישע ענדערונג אין דער געזעלשאפט, ווי וויכטיק און ריכטיק זי זאָל ניט זיין, ניט קענען זיך לאנג האלטן. ווען גאנץ אייראָ־פּאַ מיט אמעריקא צוזאמען זאָלן, למשל, מאָרגן איינפירן פולשטענדיק דעם סאָציאליזם און איבערלאָזן די מזרח־פעלקער און די אנדערש פאר־ביקע ראסן אין גרויסער עקאָנאָמישער נויט, אין נאַציאָנאַלער פארקנעכ־טונג, אין א נידעריקערער לעבנס־מדרגה בכלל און ניט תיכף זאָרגן פאַר

דער עקאָנאָמישער און גייסטיקער דערהויבונג און גלייכשטעלונג פון די דאָזיקע פעלקער און ראסן, — וועט דער סאָציאַליזם זיך לאנג ניט קענען האלטן.

און נאָך עטוואָס מוז די פּראָגרעסיווע וועלט געדענקען:

אין דעם פּראָצעס פון אויפוואַכונג פון מזרח ליגן פאַרבאָרגן גרויסע געפאַרן פאר דער וועלט. אויב דער דאָזיקער פּראָצעס וועט פאָרקומען מיט דער הילף פון דער מער פּראָגרעסיווער, מער ציוויליזירטער מערב־וועלט ווערן די געפאַרן פארקלענערט. זאָל אָבער דער דאָזיקער פּראָצעס פאָרקומען צום טראָץ פון דער מערב־וועלט, אין געגנער־שאפט צו איר, דאַן וועט דער אָנגעקליבענער צאָרן און האַס, וואָס דורות פון מערבדיקער אימפּעריאַליסטישער פארקנעכטונג פון מזרח האָבן איינגעפּלאַנצט אין די מזרח־פעלקער, אויסברעכן אין אזא פלאקער, וואָס קאָן באמת פאַרניכטן אַלץ וואָס די מענטשהייט פארמאָגט, סיי אין קולטור סיי אין ציוויליזאַציע.

מוז דעריבער יעדער ערלאַכער פּאָליטיקער זיך פאַרשרייבן אין האַרצן איין פּאָרמולע: ניט מעגלאך קיין אינטערנאַציאָנאַלע פארברידערונג אָן דעם מזרח. ניט מעגלאך קיין ערנסטע פּאָליטישע ענדערונגען אין דער וועלט, אָן דער באפרייאונג און אויסגלייכונג פון די מזרח־פעלקער מיט די מערב־פעלקער.

דריי וועגן זיינען אָפן פאר דער וועלט בנוגע דעם מזרח:

דער ערשטער — דער אלט אימפּעריאַליסטישער: מיט שווערדן און באַיאָנעטן באַדריקן און באַהערשן דעם מזרח.

דער צווייטער — דער קאָמוניסטישער. גלויבנדיק אַז פאַר דער וועלט־רעוואָלוציע איז אַבסאָלוט אומפאַרמיידלאַך, אַז אַלץ וואָס די בור־זשואַזע וועלט האָט געשאַפן זאָל פאַרניכטעט ווערן און ווויסנדיק אַז אין די מזרח־פעלקער לעבט אַ באַרעכטיקטער כעס אַנטקעגן מערב, איז אַלזאָ פאַר־טיק די סטראַטעגישע באַזע פון וואַנען מען זאָל אָנצינדן יענעם וועלט־פּלאַ־קער וואָס זאָל פאַרניכטן אַלץ וואָס די פאַרהאַסטע בורזשואַזע וועלט האָט דורך דורות געשאַפן, און מאַכן פריי דעם וועג צו דער נייער קאָמוניסטי־שער ווירטשאַפטס־פאָרמע.

דער דריטער — דער אמת אינטערנאַציאָנאַלער. דורך אינטערנאַ־ציאָנאַלע הילף, — ניט חלילה ווי אַ צדקה וואָס מען טוט מיט די אָרימע פון מזרח, נאָר מיטן פולן באַוואוסטזיין אַז די גאנצע וועלט איז אליין פאַראינטערעסירט אין דעם, — זאָל זיך שוין איצט אָנהייבן דער פּראָצעס פון אויפהויבן און באַפרייען אלע מזרח־פעלקער. דערצו זאָל גלייכצייטיק

אין גאַנצן מזרח אָנגעפירט ווערן סיי אַן אַגיטאַציע, סיי אַזאַ בוי־אַרבעט, וואָס זאָל דעם עמפינדלאַכן מזרח־מענטשן געבן אַ ביישפּיל ווי אַזוי זיין לעבן איבערצובויען; ווי אַזוי זיין טעכנישע ווירטשאַפט איינצו־אָרדנען; ווי אַזוי די נאַטירלאַכע רייכטימער וואָס דער מזרח פאַרמאָגט זאָלן אויסגענוצט ווערן און ניט פאַרוואָרלאָזט ווערן, אויב זיי ברענגען ניט קיין פּראָפיטן ערגעץ אַ קאָנצעסיאָנער פון דער אימפּעריע. און אַלס סאָציאַליסט פאַרשטייט זיך, אַז איך האַלט עס פאַר אַ חוב פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, סיי דורך אויפקלערונג, סיי דורך לעבנס ביישפּילן דערציען דעם מזרח צו סאָציאַליסטישן און אינטערנאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין.

אין די ערשטע צוויי וועגן ליגט רואינע פאַר דער גאַנצער וועלט. דער לעצטער איז דער איינציקער וועג פאַר מענטשן מיט קלאָרע קעפּ, פאַר סאָציאַליסטן מיט ריכטיקן אינטערנאַציאָנאַליזם אין האַרצן.

און אַז מיר נעמען זוכן יענעם קאָנקרעטן פּאָליטישן כח וואָס קען, דאַרף און מוז אויף דעם דאָזיקן דריטן וועג אָנהייבן גיין מיט פעסטע טריט, מוזן מיר אים דערבליקן אין דער בריטיש לייבאָר פּאַרטיי.

וואָלט איך באַדאַרפט באַטראַכטן צי אין די איצטיקע, באַלדיקע, טאָג־טעגלאַכע האַנדלונגען פון דער בריטישער אַרבעטער רעגירונג גייט זי אויף דעם אָנגעצייכנטן וועג, וואָלט איך געמוזט, צוזאַמען מיטן חבר ברייַלספאָרד רעדן ניט נאָר וועגן דער „אינדישער טראַגעדיע", נאָר אויך וועגן דער „אידישער טראַגעדיע". ביידע דינען ליידער אַלס באַווייז, אַז די לייבאָר רעגירונג בלאָנדזשעט. אָבער ווי שוין געזאָגט רייד איך וועגן דער צוקונפט. און בלאָנדזשענדיקע, אויב זיי פאַרמאָגן דאָך געזונטע פּאָליטישע אויגן, וועלן מוזן סוף־כל־סוף געפינען דעם ריכ־טיקן וועג. דאַן וועלן זיי זיך פון פּלאָנטער מוזן אַרויסדרייען און אָנהייבן גיין אויף יענעם היסטאָריש און סאָציאַליסטיש געזונטן פּאָליטישן וועג, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן אויף איינע פון די קאָנפערענצן פון די אַרבעטער און סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפטן פון אַלע פעלקער פון דער בריטישער אימפּעריע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן, ווי מיר דאַכט, אין ליווערפּול, און וואָס האָט אין יסוד אַוועקגעלייגט אַזאַ קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פאַר דער אַרבעטער פּאַרטיי, ווי דער דריטער פּלאַן צייכנט אָן. צו אָט דעם וועג וועט די בריטישע אַרבעטער רעגירונג, דורך דעם דרוק פון דער לייבאָר פּאַרטיי, צוזאַמען מיט די אַנדערע פּראָגרעסיווע כחות פון ענגלאַנד מוזן צוקומען. און דאַן וועט זיך אָנהייבן די אמת'ע היס־טאָרישע ראָלע פון ענגלאַנד אין מזרח.

די רעאַקציאָנערע ענגלאַנד וועט נאַטירלאַך אויך ווייטער זוכן צו

גיין אויף דעם ערשטן וועג. זי וועט דורך אלע פּאָליטישע מיטלען וואָס שטייען איר צו פארפיגונג, — איינשליסנדיק אויך שט־לערהייט צו שטאַרקן די הענט פון עפענדים און מופטים צו פּאָגראָמען און „אויפ־שטאַנדן", — לייגן שטיינער אין וועג פון די פּראָגרעסיווע כחות אין ענגלאַנד. וועט די ענגלישע רעאַקציע זיגן, מוז קומען דער צוזאמענפאַל פון דער בריטישער אימפעריע, ווייל קיין כח אין דער וועלט קען ניט אָפּשטעלן דעם דראַנג פון די מזרח־פעלקער צו פרייהייט. דער זיג פון דער ענגלישער רעאַקציע אין דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק באַדייט אַלזאָ א טויט אורטייל איבער גרויס־בריטאַניע ווי א וועלט־פּאָליטישער פּאַק־טאָר. די רעטונג פון ענגלאַנד ליגט אין דעם דריטן וועג פאר דער לייזונג פון די מזרח־פּראָבלעמען.

געדענקען מוז ענגלאַנד אַז אויב זי וועט ניט היטן אירע אייגענע טריט, דראָט איר אַ געפאַר ניט נאָר פון אירע אייגענע רעאַקציאָנערן, וועלכע זען ניט מער ווי זייערע אייגענע אימפעריאַליסטישע צילן, נאָר אויך פון די קאָמוניסטן. מען דאַרף זיין פּאָליטיש בלינד ניט איינצוזען, אַז דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל באַטראַכט ענגלאַנד — און דווקא די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד — אַלס זיין שטאַרקסטן שונא אין דער וועלט. וואָס שטאַרקער די רעאַקציע ווערט אין ענגלאַנד, אַלס שנעלער קען דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל זיין בלוט־העצע אָנפירן אין מזרח. אויב די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד ווייס וואָס איז גוט פאַר איר און פאַר דער וועלט, וועט זי געפינען סיי דעם מוט, סיי די פּראַקטישע וועגן ווי אַזוי די מזרח - פּראָבלעמען אָנהייבן צו פאַרענטפערן אין דעם זין פון אמת'ן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַליזם.

דערביי מוז זי זיך אויסהיטן פון אָפּאָרטוניסטישער פּאָליטיק. דווקא צוליב די קאָמפּליקאַציעס וואָס זי וועט געפינען אין איר וועג, מוז איר פּאָליטיק שטענדיק באַלויכטן ווערן פון אַ קלאָרן ענד־ציל. די געשיכטע האָט אויף דער פּראָגרעסיווער ענגלאַנד אַרויפגעלייגט א זייער שווערע, אַ זייער קאָמפּליצירטע, אַ זייער אחריות'פולע, דערפאַר אויך אַ זייער וויר־דיקע פליכט. די געשיכטע האָט איר געגעבן די מעגלאַכקייט אָנצופירן מיטן מזרח. וויי וועט זיין סיי איר, סיי דער גאַנצער וועלט, אויב די איצטיקע אַרבעטער רעגירונג וועט ווייטער בלאָנדזשען אין איר קאָלאָניאַלער פּאָ־ליטיק. וואויל קאָן אַלעמען זיין אויב זי וועט אויסנוצן די גרויסע מאַכט וואָס די געשיכטע האָט איר אין האַנט אריינגעגעבן אָנצוהייבן צוגרייטן די מזרח־פעלקער צו אמת'ער פארברידערונג מיט די מערב־פעלקער אויפן יסוד פון דער אַנערקענונג פון דאָס רעכט פון אלע פעלקער צו פולשטענ־דיקער פרייהייט און אויסלעבונג און אויפן יסוד פון סאָציאַליסטישן אי־

בערבוי פון דעם גאַנצן ווירטשאַפטס־סיסטעם פון דער געזעלשאַפט.

אודאי פאַרנעמען אינדיען, עגיפּטן און איראַק מער די אויפמערק־זאַמקייט פון דער וועלט און אויך פון גרויס־בריטאַניע ווי ארץ־ישראל. אָבער דוקא דורך ארץ־ישראל קען דאָס פּראָגרעסיווע ענגלאַנד פיל בולט'ער מאַכן אירע אמת'ע צילן פאַרן גאַנצן אָריענט ווי דורך אירגענד אַן אַנדער לאַנד. דעריבער וועט דוקא ארץ־ישראל מער דינען אלס פּרוביר־שטיין פאַר דער פעאיקייט פון דער פּראָגרעסיווער ענגלאַנד צו פאַרשטיין דאָס געשיכטלאַכע געבאָט פון דער נאָענטער צוקונפט. דער שאַרפסטער פונקט פון קאָנפליקטן פון שטאַנדפּונקט פון דער בריטישער אימפּעריע איז אינדיען. א פאַרגלייך צווישן די פּאָליטישע צוזאַמענשטויסן אין אינדיען און אין ארץ־ישראל מוז ארויסברענגען פאָלגענדע פונקטן:

ערשטנס. — ניטאָ אין אינדיען אזא כח וואָס זאָל באַוואוסטזיניק איינזען, אַז אויך זיין היסטאָרישער גורל איז פאַרבונדן דוקא מיט אַט אַזאַ קאָלאָניאַלער פּאָליטיק וואָס די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד דאַרף און מוז אָנהייבן פירן אין גאַנצן מזרח. די מחמד'אַנישע וועלט, אויף וועלכער ענגלאַנד שטיצט זיך פּאָליטיש אין אינדיען, איז זיכער צו אזא היסטאָרישן באַוואוסטזיין נאָך ווייט ניט דערגאַנגען. סיי די מחמד'אַנער, סיי די הינדוסן אין אינדיען נויטיקן זיך נאָך שטאַרק אין א פעריאָדע פון דער־ציאונג, ביז זיי וועלן אָנהייבן באַגרייפן די היסטאָרישע פאַרבינדונג צווישן זייערע מאַסן מיט דער פּראָגרעסיווער ענגלאַנד באַזירט ניט אויף מאָמענטאַנע, צייטווייליקע פּאָליטישע פּריווילעגיעס וואָס איין צד קאָן אפשר קריגן אינם שפּיל אַנטקעגן צווייטן צד, נאָר א פאַרבינדונג באזירט אויף דעם געמיינשאַפטלאַכן היסטאָרישן אינטערעס אויסצוגלייכן אלע פעלקער פון דער וועלט אין זייערע מעגלאַכקייטן צו לעבן ווי זייער בלוט דיקטירט זיי און אויסצוגלייכן די לעבנס־באַדינגונגען פון אלע מענטשן אויף דער וועלט. אין ארץ־ישראל איז דער דאָזיקער כח שוין איצט א פאַקט. ניטאָ דעריבער אין אינדיען אַזאַ שטאַרק פאַראינטערעסירטער שותף פאַר דער פּראָגרעסיווער ענגלאַנד, און דערפאַר אַזאַ נ ו צ ל א כ ע ר שותף ווי די אידן זיינען אין ארץ־ישראל.

צווייטנס. — ניטאָ אין אינדיען קיין עלעמענט, וואָס האָט שוין אָנגעהייבן בויען יענעם גרויסן ביישפּיל, אין וועלכע די היסטאָרישע צוקונפט פון מזרח זאָל בולט ווערן פאַר אַלע מזרח־פעלקער. עס איז דאָך איבעריק צו אונטערשטרייכן, אז יענעם שווערן וועג וואָס דער מזרח דאַרף דורכגיין ביז ער וועט פעאיק ווערן צו פאַרנעמען זיין גרויסן היסטאָ־רישן אָרט אין דער וועלט, וועט מען דורך אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע

אליין ניט דורכמאַכן. פאַר די אימפּעריאַליסטן וואָס פאַרלאָזן זיך אויף זייערע באַיאָנעטן, אָדער פאַר די קאָמוניסטן פאַר וועמען דער מזרח איז בלויז אַ צוגעפּאַסט צינד־מאַטעריאַל פאַר זייערע צילן, פאַר זיי ביידן זיינען אַזעלכע ביישפּילן ניט נאָר ניט נויטיק נאָר זאָגאַר שעדלאַך, אָבער פאַר יענע וועלכע מוזן אָננעמען דעם ד ר י ט ן וועג איז אומגעהויער וויכטיק די אויסבילדונג, די קולטורעלע און ציוויליזאַטאָרישע דערהויבונג פון די מזרח־פעלקער גופא. דער כח פון ביישפּיל איז שטענדיק גרויס. בפרט ווען דער ביישפּיל ווערט אויפגעבויט אויף יענעם קולטור־היסטאָרישן און סטראַטעגיש־געאָגראַפישן פּונקט — ארץ־ישראל — וואָס האָט געהאַט אַזאַ געוואַלדיקע ווירקונג אויפן אָריענט אין די פאַרגאַנגענע דורות. אָט דער דאָזיקער מאָמענט וועט וואָס ווייטער אַלץ וויכטיקער ווערן אין דער היסטאָרישער ראָלע וואָס די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד דאַרף דורכפירן אין אָריענט. דער אידישער אויפבוי פון ארץ־ישראל ווערט דורכדעם אויפגעהויבן צו אַן אומגעהויער וויכטיקן וועלט פּראָבלעם. וועט די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד עס ניט דערזען, וועט זי האָבן פאַרפעלט אויס־צונוצן אַן אומגעהויערן כח וואָס וועט מיט דער גרעסטער פרייד העלפן איר אין איר היסטאָרישער ראָלע אין מזרח.

דריטנס. — דוקא ווייל ארום ארץ־ישראל גופא באַשטייט איצט אַן אינערלאַכער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפליקט, וואָס איז פיל מער קאָמ־פּליצירט דורך דעם פאַקט וואָס די אידישע נאַציע איז נאָך אין ארץ־ישראל ניטאָ, — דוקא דורכדעם ווערט ארץ־ישראל אַ מער בולט'ער פּרובירשטיין פעסטצושטעלן צי די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד איז צוגעפּאַסט צו איר היסטאָ־רישער ראָלע אין אָריענט. דאָ וועט די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד דאַרפן באַווייזן איר טיפערע פאַרשטענדעניס פאַר נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטי־קונג, ווי אין די לענדער, וואו די פעלקער זיצן שוין אין זיי. בולט'ע סימנים פאַר אַזאַ פאַרשטענדעניס מערקט מען אין די אויסערונגען פון אַ סנעל, אַ בריילספאָרד, אַ וועדזשוואוד און אַנדערע.

אַ בולט'ער סימן איז אָן ספק אויך געווען די באַלפור דעקלאַראַציע. אויב די באַלפור דעקלאַראַציע האָט אירגענד וועלכן היסטאָרישן זין, באַשטייט עס אין דעם, וואָס זי האָט פעסטגעשטעלט, אז אויף ארץ־ישראל האָבן די אידן תביעות ווי אַ פאָלק וועמענס נאַציאָנאַלע היים דאַרף דאָרט געבויט ווערן און די אראבער האָבן תביעות ווי אַ דאָרטיקע באַפעלקערונג וועמעס רעכט, ווי אַ באַפעלקערונג, דאַרף אָפּגעהיט ווערן. די באַלפור דעקלאַראַציע זוכט צו געבן ביידע פעלקער יענע רעכטן אין וועלכע זיי נויטיקן זיך. דאָס אידישע פאָלק האָט קיין אנדער נאַציאָנאַלע היים ניט. אַנערקענט די באַלפור דעקלאַראַציע פאַרן אידישן פאָלק דאָס דאָזיקע

רעכט אויף ארץ־ישראל. דאָס אַראַבישע פאָלק פארמאָגט אַ נאַציאָנאַלע היים, דארף זי אין ארץ־ישראל בלויז די גאראנטיעס פאַר איר רעכט ווי א באַפעלקערונג וואָס וואוינט אין א לאנד, וואָס איז די נאַציאָנאַלע היים פון אַן אַנדער פאָלק. עס איז אָבער ניט צו לייקענען, אז עס זיינען אויך דאָ סימנים פון אומפארשטענדענים מצד אַנדערע פירער פון דער פראָגרעסיווער און פון דער ארבעטנדער ענגלאַנד. די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד וועט מוזן פאַרשטיין, אַז לייזן דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם פון אידישן פאָלק איז פונקט אַזאַ וועזנטלאַכער טייל פון דער אויפגאַבע צוצוגרייטן די וועלט צו אן אמת'ער יושר'דיקער אינטערנאַציאָנאַלער באַציאונג, ווי לייזן דאָס פּראָבלעם פון אינדיען, עגיפּטן אָדער אַנדערע מזרח פעלקער. עס איז א ו נ ד ז ע ר אויפגאַבע פאָרצושלאָגן פאַר דער פראָגרעסיווער ענגלאַנד אַזעלכע פּאָליטישע פּלענער, וועלכע זאָלן די אראביש־אידישע פראגע פארענטפערן אין זין פון אינטערנאציאָנאלער און סאָציאַליסטישער גערעכטיקייט. און עס איז די אויפגאַבע פון דער פראָגרעסיווער ענגלאַנד צו זאָרגן דערפאַר, אז יענע וועלכע אדמיניס־טרירן ארץ־ישראל אין איר נאָמען זאָלן ניט דינען דער ענגלישער און אלוועלטלאַכער רעאַקציע, נאָר דעם אמת'ן פּראָגרעס פון דער גאַנצער וועלט. וועט די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד דערפאַר ניט זאָרגן, וועט זי דאַן איר היסטאָרישע ראָלע אין מזרח פאַרפעלן און די רעזולטאַטן וועלן מוזן זיין זייער שלעכטע סיי פאַר גרויס בריטאניע, סיי פאַר אונדז, סיי פאר דער גאנצער וועלט.

דערמיט מיין איך ניט צו באַהויפּטן אז אונדזער גורל אין ארץ־ישראל איז לחלוטין אָפּהענגיק אָן ענגלאַנד און אָן אזא פּראָגרעסיווער ענגלישער פּאָליטיק ווי איך האָב אויבן אָנגעצייכנט. עס איז אפשר נויטיק ביי דער געלעגנהייט צו דערמאָנען אַלע די וועלכע האָבן עפּעס צו זאָגן איבער אונדזער שיקזאַל אין ארץ־ישראל, איינשליסנדיק אויך די בריטישע ארבעטער רעגירונג, אז דעם כח צו מאַכן אונדז פאַר אוים פּאָלק פאַר־מאָגן זיי קיינער ניט. דער דאָזיקער כח ליגט אין אונדז אַליין. און בלויז אין דעם איז אָפּהענגיק אונדזער גורל אין ארץ־ישראל. אויב אונדזער לעבנס־קראַפט ווי א נאַציע האָט זיך אויסגעשעפּט, וועלן מיר ממילא גאָרנישט קענען דערגרייכן אפילו ביי די בעסטע פּאָליטישע באַדינגונגען. אויב אָבער אונדזער לעבנס־קראַפט אלס נאַציע איז, ווי מיר זיינען טיף איבערצייגט, ניט אויסגעשעפּט; אויב מיר פארמאָגן אינוווייניקסטן שעפערישן נאַציאָנאַלן ווילן, דאן וועט אַ נייע פּאָליטישע שטערונג דאָ אָדער דאָרטן בלויז שווערער מאַכן אונדזער וועג, אָבער בשום אופן ניט אָפּשטעלן אונדזער שטענדיקן דראַנג צו בויען פאַר אונדז

אין ארץ־ישראל אונדזער נאַציאָנאַלן זיכערקייטס בנין. אגיב ענגלאַנד וועט עס ניט פאַרשטיין, דאַן זאָל ענגלאַנד געדענקען, אז מיר האָבן אונדזערע האָפנונגען אויף ארץ־ישראל ניט אויפגעגעבן, ניט ווען די קאַליפן זיינען געווען די בעלי־בתים, ניט ווען די קרייצציגע האָבן מנצח געווען, ניט ווען רוים האָט באַהערשט ירושלים און ניט ווען קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל האָט געזוכט צו פאַרניכטן דאָס יונגע תל־אביב.

זאָל ענגלאַנד געדענקען, אז דער מאָדערנסטער אויסדרוק פון אונדזער אייביקן דראַנג נאָך ארץ־ישראל — דער ציוניזם — צוזאַמען מיט זיין הערלאַכסטע דערהויבנסטע שאַפונג — דער ארץ־ישראל׳דיקער חלוציזם — האָט זיך אָנגעהייבן איידער לאָנדאָן איז געוואָרן דער מושל איבער ארץ־ישראל. אונדזער אַרבעט אין ארץ־ישראל הייבט זיך ניט אָן און ענדיקט זיך דעריבער ניט מיט דער ענגלישער ממשלה. מיר זיינען אָדער היסטאָריש גערעכט אָדער היסטאָריש אומגערעכט. אין לעצטן פאַל קאָן אונדז קיינער גאָרניט געבן. אין ערשטן פאַל אָבער קאָן קיינער ניט אָפּשטעלן אונדזער היסטאָרישע ארבעט אויפצובויען פאַר אונדז אזא נאַציאָנאַלע באַזע, וואָס זאָל אונדזער נאַציע גלייכשטעלן מיט אַלע נאַציעס פון דער נאַציאָנאַל־פאַרברידערטער מענטשהייט. דאָס מוז ע נ ג ל אַ נ ד געדענקען.

אָבער מ י ר מוזן אויך עפּעס געדענקען. מיר מוזן געדענקען אז בלויז אין אלוועלטלאַכער צוזאַמענאַרבעט מיט די פּראָגרעסיווע כחות פון אַלע פעלקער ליגט די גאַראַנטיע אז אונדזער בוי־אַרבעט וועט סוף־כל־סוף זיין דערפאָלגרייך. מיר מוזן געדענקען, אז עס איז ניט אין אונדזערע אינטערעסן אז לאָנדאָן זאָל אַרויס פון ארץ־ישראל, אויב נאָר לאָנדאָן וועט זיין רעפּרעזענטירט דורך דער פּראָגרעסיווער ענגלאַנד. מיר מוזן געדענקען, אז טראָץ די בלאָנדזשענישן פון דער ארבעטער רעגירונג, טראָץ אירע צייטווייליקע שעדלאַכע האַנדלונגען סיי פאַר אונדז, סיי פאַר איר אליין, וועט זיך די ליניע מוזן סוף־כל־סוף אויסגלייכן. ניט נאָר צוליב אונדז וועט עס מוזן געשען. מער אפשר צוליב די אינטערעסן פון דער גאַנצער מענטשהייט, וועלכע קען ערשט דאַן געפינען אָפּרו, ווען זי וועט געפינען אַן ענטפער סיי צו די נאַציאָנאַלע, סיי צו די סאָציאַלע קאָמפּליקאַציעס וואָס זי האָט פון פריערדיקע דורות גע׳ירש׳נט.

אָבער אויך צוליב די אינטערעסן פון ענגלאַנד אַליין וועט דער היסטאָרישער טעות מוזן אויפגעקלערט ווערן. די רעאַקציאָנערע ענגלאַנד קען און וועט אין אונדז קיין פאַרבינדעטע ניט האָבן. די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד קען, מוז און וועט מיט אונדז אין שותפות אריינטרעטן. ווייל

סיי זיי סיי מיר זיינען בלוטיק פאראינטערעסירט אין דער אויפלעבונג פון מזרח. די רעאַקציאָנערע ענגלאַנד וועט שיקן קיין ארץ־ישראל אַן אדמיניסטראַציע וואָס וועט ווערן א לאַקיי ביי די עפענדים און מופטים און העלפן די לעצטע פּאָגראָמירן אידן און האלטן אין אייביקער קנעכט־שאַפט די אראבישע מאַסן, ווי אלע אַנדערע מזרח פעלקער. זיי וועלן אודאי זייערע צילן ניט דערגרייכן. די מזרח פעלקער וועלן דאן סוף־כל־סוף אויפשטיין און די גאַנצע בריטישע אימפעריע וועט איינפאַלן ווי א קאָרטן־הויז. די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד וועט אָבער סוף־כל־סוף מוזן שיקן קיין ארץ ישראל אַן אַדמיניסטראַציע וואָס זאָל געפינען דעם וועג אויפצוהויבן די אַראַבישע מאַסן, אָבער ניט אויפן חשבון פון די אידן, נאָר דוקא אין שותפות'דיקער קאָאָפּעראַציע מיט די אידן. פּונקט ווי די פּראָגרעסיווע ענגלאַנד וועט מוזן שיקן אין אַנדערע טיילן פון מזרח אדמיניסטראַציעס וואָס זאָלן אויפריכטיק העלפן אויפלעבן און אויפהויבן די פעלקער פון אָריענט.

אָט דאָס וועט זיין ענגלאַנדס פּאָליטישע ראָלע אין ארץ־ישראל ווי א טייל פון איר פּאָליטישע ראָלע אין גאַנצן אָריענט, אויב ענגלאַנד וועט ניט וועלן אליין פירן צום צוזאַמענפאַל פון דער בריטישער אימפּע־ריע, אָדער דורך אירע אייגענע רעאַקציאָנערע אימפּעריאַליסטן, אָדער דורך דער בלוט־העצע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. און אפשר גאָר דורך א צוזאַמענשפּיל פוןביידן: פון אירע אייגענע רעאַקציאָנערן צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן.

און ווען ענגלאַנד — די פּראָגרעסיווע — וועט קלאָר פארשטיין איר היסטאָרישע אויפגאַבע, דאן וועט זי אין די פּאָליטישע פּלענער וואָס זיינען אויבן אָנגעצייכנט געוואָרן פאר ארץ־ישראל, געפינען יענעם אויסוועג צו דער פארפּלאָנטעטער אראביש־אידישער פראַגע און וועט אויך אירע כחות צוגעבן צו דערפירן צו יענעם פּאָליטישן ציל פון אמת'ער פריינטשאַפט צווישן די אידן און די אראבער, באַזירט אויף דער גענג־זייטיקער אַנערקענונג פון דאָס רעכט פון ביידע פעלקער אויף אַזעלכע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס זאָל זיי ביידן פאַרזיכערן זייערע געהעריקע פּלעצער אין דער אינטערנאַציאָנאַל־פאַרברידערטער מענטשהייט.

